פּראָפ. א. זאַרעצקי

# פאַר
# א פּראָלעטאַרישער
# שפּראַך

צענטרפאַרלאַג
כאַרקאָוו 1931 קיִעוו

# פאָרוואָרט

דערדאָזיקער בוכ איז א זאמלונג שפראכ-פובליציסטישע ארטיקלענ, קאָנצענטרירט ארומ אײנ געדאנק: קאמפ פאר א פראָלעטארישער שפראכ.

אינעמ ערשטנ ארטיקל

„די צײַטונג-שפראכ אונ דער לײענער״

גיב איכ א פעקל דאָקומענטנ צו דער דיסקוסיע ארומ דער צײַטונג-שפראכ, וואָס האָט זיכ באזונדערס פארשארפט מיט 7—6 יאָרנ צוריק, אָבער ווערט נאָכ הײַנט אויכ געצויגנ. דערבײַ איגנאָריר איכ די גראמאטישע זײַט פונ דער צײַטונג-שפראכ — דאָס שליסט זיכ ניט אײַנ אינעמ פלאנ פונעמ בוכ — אונ באהאנדל נאָר די לעקסישע. דעריקער איז עס די פראגע וועגנ אנטלויפנ פאר רוסיזמענ אונ וועגנ קינסטלעכ קולטיווירנ העברעיִזמענ.

איכ האלט, אז מע טאָר ניט שטערנ דער געזונטער, פראָלעטארישער טענדענצ פונ יִדיש—זיכ צו באפרײַענ פונ א גרויסנ טייל העברעיִזמענ. דאָס פרווו איכ באגרינדנ אונ פראָפאגאנדירנ אינעמ ארטיקל

„שטערט ניט דער דעהעבּרעיִזאציע פונ יִדיש״

ווײַטער וואָלט געדארפט זײַנ אנ אָפהאנדלונג וועגנ סלאוויזמענ. איכ גיב זי ניט, ווײַל די פראגע איז נאָכ ניט גענוג דורכגעארבעט.

אינ דער באציִונג צו העברעיִזמענ אונ צו רוסיזמענ ווײַזט זיכ ארויס ניט נאָר א באציִונג צו דער שפראכ אלס פארשטאנדיקונג-מיטל, נאָר אויכ א באציִונג צו דער אידעאָלאָגיע אינ דער שפראכ. נאָכ בוילעטער איז די אידעאָלאָגישע זײַט אינ די רעליגיִעזע אונ אינ די שאָוויניסטישע עלעמענטנ פונ דער שפראכ. אינ די ווײַטערדיקע צוויי ארטיקלענ וויל איכ ווענדנ די לינגוואָטעכניק

„קעגנ נעפּמאנישנ גאָט״

„קעגנ שאָוויניזמ״

צו דער פראגע וועגנ אינטערנאציאָנאלע ווערטער דארפ מענ אויכ צוגײנ ניט נאָר פראקטיש. ס'איז אנ אידעאָלאָגישע פראגע. איכ האָב דאָ ניט געהאט קײנ מעגלעכקײַט דורכארבעטנ זי אינ דער גאנצער פולקײַט אונ באגרענעצ זיכ מיט א קורצער קעגנשטעלונג פונ מאָדערנע אינטערנאציאָנאליזמענ אונ אָפּגעלעבטע לאטיניזמענ. איכ גיב עס אלס דיִאלאָג

„ארומ א דרוקפעלער״

ווײַטער גײענ אביסל קלײניקײַטנ (ניט לויטנ ווערט, נאָר לויטנ פארנעמ, וואָס כ'האָב זיי געקענט אויסטיילנ):

„סובאָטניק—כוידעש-קאמפאניע—פינפיאָר״

(ד. ה, סובאָטניק צי שאבעסניק, כוידעש-קאמפאניע צי כוידעשניק, פינפיאָר צי יאָרפינפ);

„ייִדיש! ייִדיש!“

(אַ דיסקוסיע ארום דער ליניע פון „דער ייִדישער שפראך“ אפ ייִדישלעכקייט אין דער שפראך);

„לאַז, באר, שטשיגע“

(דרײַ סופיקסן, וואָס האָבן געפונען אומכיין אין די אויגן פון די ייִדיש-היטער), און אַ שארזש אפ דער צײַטונגדיקער שאבלאָן-שפראך

„אונטערן צייכן פון שאבלאָן“.

די טעמעס „ייִדיש! ייִדיש!“ און „אונטערן צייכן פון שאבלאָן“ פאָדערן אַ געניטערע און טיפערע באהאנדלונג. קאָלזמאן כ'האָב נאָך אזא ניט געקענט געבן, האלט איך פאר מעגלעך צו בארירן זיי אפ אַ מער אויבערפלעכלעכן אופן.

דער בוך איז באשטימט פאר די ברייטסטע קרײַזן, וואָס האָבן נאָך צו טון מיט ייִדיש אלס שרײַבער אָדער ריידער. אזא ארטיקל ווי „קעגן נעפמאנישן גאָט“ איז געווענדט צו יעדן ייִדיש-ריידער (און בכלל צו יעדן ריידער).

דער בוך איז געדרוקט אין 2 שריפטן. מיט קלענערער שריפט — מער ספעציִעלע טיילן, וואָס קענען בא אויבנופיקן לייענער פארפעלט ווערן.

פאר די לעצטע יאָרן האָט זיך אנטוויקלט אַ היפשע ליגוויאָטעכנישע ארבעט. איך האָב אויס-גענוצט די פאסיקע מאטעריאלן, וואָס זײַנען צעזייט איבער זשורנאלן און זאמלביכער (באזונדערס אין „דער ייִדישער שפראך“) און די מאטעריאלן פון מינדלעכע דיסקוסיעס, ווו איך האָב זיך באטייליקט.

כ'האָב ניט שטודירט די צײַטונג-שפראך סיסטעמאטיש, ספעציִעל פאר דעם בוך, נאָר כ'האָב אויסגענוצט דעם מאטעריאל, וואָס כ'האָב געהאט, און דעם וואָס כ'האָב געפונען בא ניט-סיסטעמא-טישער דורכארבעטונג פון דער פרעסע און ליטעראטור. אַ טייל מאטעריאל האָבן צוגעשטעלט די כ״כ גייפמאן (קיִעוו), כאַימסקי (מאָסקווע), לוויצקער (קיִעוו). איך דערמאָן זיי מיט דאנק.

אין די ציטאטעס האָב איך, אכוץ באזונדערע פאלן, ניט פארהיט דעם אָריגינעלן אויסלייג: דאָס וואָלט זייער פארשווועריקט דעם דרוקן און אביסל אפילע דעם לייענען.

אלע אונטערשטרײַכונגען אין די ציטאטעס זײַנען מײַנע.

צום סאָף בוך איז בײַגעלייגט אַ רעגיסטער.

**א. זארעצקי**

מאָסקווע, פעווראל 1931.

די בײַשפּילנ, וואָס זײַנענ גענומענ צו אילוסטרירנ די שפּראכלעכע דערשײַנונגענ, זײַנענ באצייכנט אזוי :

מ — מינדלעכע רייד

שר — סטודענטישע, שילערשע שריפט-ארבעטנ, בריוו א. ד. גל.

צ — צײַטונג (יוענ כ׳קענ ניט אָנווײַזנ, וועלכע)

ע — „עמעס״
אָ — „אָקטיאבער״ (מינסק)
ש — „שטערנ״ (כארקאָוו)
קאָמפּאָנ — קאָמוניסטישע פּאָנ (קיִעוו)
פּ — „פרײַהײַט״ (ניו-יאָרק)
מ. פ. — „מאָרגנ-פרײַהײַט״ (ניו-יאָרק)
ר. וו. — „רויטע וועלט״
ייִד. שפּר. — „די ייִדישע שפּראכ״
פּעד. ביול. — פּעדאגאָגישער ביולעטענ

} מיט באצייכענונג פונעם יאָר (ע 29 — „עמעס״ 1929*)

אנדערע צײַטונגענ אונ זשורנאלנ ווערנ אָנגעוויזנ ניט - געקירצט.

בא „דער ייִדישער שפּראכ״ ווײַז איכ ניט אָנ דעמ יאָר, וואָרעמ איכ גיב די קעסיידערדיקע נומעראציע, צ. ב. אָנשטאָט (10) 3 № 1928 ווײַז איכ 10 № **).

אלע ציטאטעס פונ יודא א. יאפע זײַנענ גענומענ פונ זײַנ ארטיקל „דער סלאווישער עלע-מענט אינ ייִדישנ״ („פּנקס״ באנד I ניו-יאָרק 1928).

אלע אָנווײַזנ אפ הארקאווינ באציִענ זיכ צו זײַנ ייִדיש-ענגליש-העברעיִשנ ווערטערבוכ, ניו-יאָרק 1928.

---

*) ווענ כ׳ברענג א בײַשפּיל, אשטייגער, פונ ע 29, קענ ער זײַנ כאראקטעריסטיש ניט דאפקע פארנ „עמעס״ אונ ניט דאפקע פאר 1929 יאָר, נאָר גראָד האָב איכ, דאָקומענטירט, אזא בײַשפּיל.

**) נומערנ 1 ביז 7 געהער צו 1927
〃 8 ביז 13 〃 〃 1928
〃 14 ביז 19 〃 〃 1929
〃 20 א. וו. 〃 〃 1930

# די צײַטונג־שפּראַך און דער לייענער

„א שטערונג איז די נײַע יידישע שפּראַך". — רוסיזמען און אַרבקאָרן. — וואָלאָברינסקי 1923. — דערווידערונגען און שטיצונגען. — ליטוואַקאָווס אַרגומענטאַציע. — ווײַנגער 1924. — „קאָמפּאָן". — טולטשינער צײַטונג־לייענער וועגן דער צײַטונג־שפּראַך. — אַלפאַרבאַנדישע באַראַטונג פון די ייִדסעקציעס פון ר. ק. פּ. 1924. — דיסקוסיע אין „עמעס" וועגן דער „עמעס"-שפּראַך. — האָכבערגס אײַנפאַל: די רוסיזמען פאַרשטייט מען נישט. — „וועקער" וועגן א קולט פון ייִדיש. — געריכט איבערן „יונגוואַלד". — 1923 און 1930 — אַלץ דיזעלביקע טײַנעס.

אַף אַן אומפּאַרטייִשער אַרבעטער־קאָנפערענץ אין האָמליע אין 1923 יאָר איז אין פּרעזידיום אָנגעקומען א צעטעלע:

„א שטערונג איז די נײַע ייִדישע שפּראַך פון לערביכער, „עמעס", וועלכע איז אונדז אומפאַרשטאַנדיק. ס'קומט אויס ברעכן די ציין ניט נאָר אַף וויסנשאַפט, נאָר אויך אַף דער ייִדישער שפּראַך. מע בעט באַלויכטן די פראַגע".

ד. ה. די ליטעראַרישע שפּראַך, ספּעציִעל די צײַטונג־שפּראַך איז צו ווײַט פון דער טאָגטעגלעכער גערעדטער שפּראַך און איז ניט פאַרשטאַנדיק אָן ספּעציִעלער דערלערנונג.

צי קען זײַן אַנדערש? ניין. די ליטעראַרישע שפּראַך וועט נאָך לאַנגע יאָרצענדליקער ניט צונויפפאַלן מיט דער גערעדטער שפּראַך. אָבער דער נויטווענדיקער ריס צווישן דער גערעדטער און ליטעראַרישער שפּראַך איז אין דער ייִדישער פּרעסע קינסטלעך פאַרגרעסערט. די שווערע ווערטער אין צײַטונג זײַנען ניט אַלעמאָל נײַע ווערטער פאַר נײַע באַגריפן: אָפט זײַנען עס ווערטער פאַר באַגריפן, וואָס זײַנען דעם לייענער באַקאַנט אונטער אַנדערע נעמען — רוסיזמען (צום בש. „קעמערל" איז געווען א נײַער וואָרט [1]), אָבער וועגן „יאַטשייקע" האָט שוין דער לייענער געוווּסט פון פריִער).

אַזוי אַרום ווערט דאָ אײַנגעפלאָכטן די פראַגע וועגן רוסיזמען אין דער צײַטונג־שפּראַך, און אָט־די פראַגע האָט א לאַנגע צײַט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער דיסקוסיע וועגן צײַטונג־שפּראַך.

אַרבקאָרן זײַנען געווײנלעך אַזעלכע מענטשן, וואָס זײַנען פריִער געשטאַנען ווײַט פון דער העכערער שפּראַכקולטור און איצט האָבן זיי באַקומען צו

[1] געגויער — אַן אַלטער וואָרט מיט א נײַעם באַטײַט.

איר א צוטריט, ניט נאָר אלס געברויכער, נאָר אלס אקטיווע שעפער, אלס שרייַבער. זיי זייַנענ אָפטמאָל קאפאבל איבערצושאצנ די בורזשואזע יערושע פונ דער ליטעראַרישער שפראכ אונ ניט צו דערשאצנ זייער רעכט אפ אנ אייגענער שפראכ. דעמאָלט באקומט זיכ אזא ווידערשפרוכ (א דיאַלעקטישער ווידערשפרוכ אינ דער קולטור־רעוואָליוציע) — אז דאפקע דער ארבקאָר, אָט דער נייַער שרייַבער, פונ א נייַעמ שיכט, מיט א נייַער טעמאטיק, נעמט פאר־טיידיקנ די הייליקייַט פונ דער אלטער שפראכ, פונקט ווי ער וואָלט געווענ א פאָטשאָטנער פאָטאָמסטווענער יידישיסט. שרייַבט איינער אנ ארבקאָר אינ „עמעס“ (5/XII 1923), אז דער ארבקאָר דארפ היטנ די שפראכ, ניט פארזשאר־גאָניזירנ, ניט באנוצנ די פיל רוסישע ווערטער, וואָס ווערנ באנוצט אינ רייד (ווי גערעשעט, זאמעטשאטעלנע). אונ צומ מינסקער „וועקער“ באציט מענ זיכ מיט פאראכטונג פאר זייַנ „גראָבער“ שפראכ.

ארומ דער „זשארגאָניזירונג“ פונ דער שפראכ האָט אופגעפלאקערט א גרויסע דיסקוסיע אינ 1924 יאָר אונ שפעטער [1].

אינ יובילײ־נומער פונ „שטערנ־וועקער“ (30/XII 1923) [2] שרייַבט א. וואָלאָ־ברינסקי וועגנ דער שפראכ פונעמ „וועקער“:

„אויסגעיידלטע נעשאָמעס, עסטעטיקער האָבנ פונ „וועקער“ געוויינט: דער „וועקער“ פארגרעבט דעמ יידיש, פארמיעסט אימ — אזוי האָבנ דיזאָזיקע פארשוינע אָפגעשאצט אימ.

„אונ בעעמעס, ווי קענ מענ זיכ אנדערש אָפרופנ וועגנ א צייַטונג, וועלכע שרייַבט „נארקאָמפראָד“ אָנשטאָט „פאָלקס־קאָמיסאריאט פאר דערנערונג“, „יאטשייקע“ אָנשטאָט „קעמערל“, „כאָזאיסטוועניק“ אָנשטאָט „ווירטשאפט־טוער“, „פאָליט־גראמאָטע“ אָנשטאָט „פאָליט־בילד“ אוכעדוימע.

„איכ אליינ געדענק, אז ווענ איכ האָב דעמ ערשטנ מאָל דערזענ אנ אמע־ריקאנער יידישע צייַטונג מיט איר איוורע פונ „סעטלענ“, „פיידזש“, „קלאָוק־מאכער“ א. א. וו. האָב איכ אפ זיי מאָדנע ראכמאָנעס געהאט.

„אָט נעבעכ וויסטע קאליקעס, גיבנ ארויס א יידישע צייַטונג אונ קענענ קיינ וואָרט יידיש ניט.

„געדוכט האָט זיכ מיר, אז ווענ איכ פאל אריינ אינ ניו־יאָרק, מאכ איכ אָנ א גאנצנ פוראָר. א קלייניקייַט,— איכ וועל דאָכ זייַנ איינ זאָכער אינ מאָסקווע, איינ יידישער באָכער צווישנ אזא מאכנע אמעראצימ.

„אָט ווי אפ אזעלכע וויסטע קאליקעס האָט מענ א צייַט געקוקט אויכ אפנ „וועקער“, ווער מיט פאראכטונג אונ ווער מיט יירעס־האשאָמאימדיקנ קאָמו־ניסטישנ קרעכצ, געקלאָגט נעבעכ אפ דער פארוואָגלטקייַט פונ דער יידישער שפראכ, וואָס טאָמער גייט ארויס א יידישע קאָמוניסטישע צייַטונג, איז דאָרט אויכ קיינ יידיש ניטאָ.

1) ניט אלע דאָקומענטנ פונ דער דיסקוסיע זייַנענ מיר באקאנט, דעריבער איז די באשרייַבונג אביסל בלויזנהאפט.

2) דער הייַנטיקער מינסקער „אָקטיאבער“ האָט פריער געהייסנ „שטערנ“ אונ נאָכ פריער „וועקער“.

„ביז דער סאָד איז אנטפלעקט געוואָרנ, אז ניט קיינ וויסטע קאליקעס זיצנ אינ „וועקער" אונ ניט זי פארדארבט דעם יידיש, נאָר א נייער יידיש ווערט דאָרט געשאפנ.

„פונקט ווי די פריערדיקע מעכאברים פונ אלטנ שניט פלעגנ זיצנ אונ לאטענ שטיקלעכ פסוקים פונ טאנאכ, פראווענ מערידנ אפ אויסקלערנ אונ אויס־צאצקענ נאָכ א מעליצע — אזוי זייַנענ די מאָדערנע מעכאברים אָפּגעריסנ געוואָרנ פונ דער מאסע, פונ איר אנטוויקלונג אונ פייַנענ די שפראכ איז בא זיי געוואָרנ א מינ פעטיש, א זאכ פאר זיכ.

„מע האָט דעם יידיש אזוי געיידלט, אזוי געקונציקט, געצערטלט, ביז... דער יידיש אלייג איז אינ א מינ העברעיִש פארוואנדלט געוואָרנ. אונ פונקט ווי פריער איז דער יידיש געווענ א כאזאָקע פאר יעשיווע־באָכערים, אזוי איז ער שפעטער געוואָרנ א מאָנאָפּאָל פונ א הייַפל יידישיסטישע מאסקילים פונ „חובבי שפת יידיש" [1]).

„אָט מיט דעם יידיש האָט דער „וועקער" געריסנ. ער האָט אָנגעהויבנ ווידער צו שאפנ א נייַעמ יידיש. שוינ ניט קיינ „פאָלקס־יידיש" פונ פארשיידנ־פארביקע סאָציאַלע שיכטנ (דינסטמיידלעכ, קאָשעק־יידענעס, שאדכאָנים, באט־כאָנים, קלייַנהענדלער, קרעמער, לופטמענטשנ אוכעדוימע), נאָר א פּראָלעטא־רישער יידיש. דער יידיש פונ „וועקער" איז דעריבער איינפאכ, פראָסט אונ ניט קיינ באַטלאָנעסדיקער, פונ אונטער־אויוונ־פּאָליטיק פונ כאכמיי־לעזשאנקע.

„דער וועקער האָט ניט מוירע פאר קיינ רוסישע ווערטער, ווי „יאטשייקע" אוכעדוימע. דער „וועקער" שטעלט זיכ איינ צוועק — דער לעזער זאָל פארשטיינ, וואָס דער שרייבער פונ די אָדער יענע שורעס וויל פונ אימ. דערפאר האָרע־וועט מענ אזוי אינ „וועקער" אפ יעדער שורע, וואָס מע שרייַבט, דערפאר באמיט מענ זיכ אזוי אינ „וועקער", אז דער לעזער זאָל קיינ טאָעס ניט האָבנ, זאָל אלצ פארשטיינ".

אונ אינ א צווייטנ ארטיקל (אנ ענטפער אפ א דערווידערונג) שרייַבט וואָלאָ־ברינסקי (?) [2]):

„אינ דעמ זשארגאָנ אונ אפילע אינ דעמ ליטעראַרישנ יידיש זייַנענ דאָ א גוזמע רוסישע ווערטער. וועלכע? דעריקער די, וועלכע זייַנענ געווענ געבונדנ מיט דער קאָנאָמיק פונ יענער עפּאָכע.

„דער וואָרט „ארענדאר" איז א רוסיש וואָרט אונ איז אריינ אינ יידיש, וויַיל דאָס איז געווענ א שטיק יידישע עקאָנאָמיק, א שטיק לעבנשטייגער, ווי מע רופט עס הייַנט אָנ. ווענ די יידישע עקאָנאָמיק איז געווענ, אזוי צו זאָגנ, אנ אָפּגעזונדערטע, האָט זי אומעטומ אייַנגעהיט אירע טערמינענ, אכוצ די פונקטנ, ווו זי איז געקומענ אינ בארירונג מיט א צווייטער. דאָרט זייַנענ שוינ די טערמינענ גענומענ געוואָרנ פונ א צווייטער שפראכ.

[1]) כוועוועי כפאס יידיש — ליבהאָבער פונ יידישער שפראכ (פּאראָזירט לויטנ נאָמענ פונ גרופּעס העברעיִש־ליבהאָבער).

[2]) אונטערגעשריבנ א. וו — סקי.

„ווען דער ייִדישער שנײַדער האָט געאַרבעט אין זײַנע דאַלעד־אַמעס און האָט זיך געדרייט אַרום אַנדערע פּערסאָנאַזשן פון דער ייִדישער עקאָנאָמיק, האָט ער געהייסן „שנײַדער". און ווען דערזעלביקער שנײַדער פאַלט אַרײַן אין דעם גרויס־קאַפּיטאַליסטישן קעסל, מיט קאָמפּליצירטע פּראָדוקציע־באַציִונגען, הערט ער אויף צו הייסן „שנײַדער" און באַקומט מיט מאָל אַ נײַעם נאָמען „קלאָוקמייקער".

„קונסט פון וואָרט? קונסט פון קלאַנג? — דאָס זײַנען אַלץ שיינע זאַכן — אָבער דאָס איז מער ניט ווי אַ בײַזאַך, אַ צוקערלעקעכל. און פּירעשקעס עסן אַ גאַנץ יאָר איז ניט פון די גרויסע מײַכאָלים. פאַר ליטעראַרישע צוקערלעקעכל זײַנען דאָ זשורנאַלן, זײַנען דאָ ביכער. די מאַסן־צײַטונג דאַרף דאָס ווייניק האָבן".

צו וואָלאָברינסקעס שטאַנדפּונקט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אויך אַנדערע. „זאָל זײַן סאָוונאַרכאָז — אַבי פאַרשטענדלעך", שרײַבט איינ כאַווער („וועקער" 1924 8/I). אַ צווייטער שרײַבט („וועקער" 1924 12/I):

„מיר שטעלן זיך ניט העכער און זײַנען ניט העכער ווי אַלע אונדזערע לייענער, מיר זײַנען אַליין אַ טייל פון דער מאַסע. אונדזער שרײַבן איז אַ טייל פון אונדזער טעטיקײַט אין לעבן — דעריבער דאַרף זײַן די ערשטע און וויכטיקסטע צו שרײַבן אַזוי, אַז מיר אַלע זאָלן זיך פאַרשטיין אָן שוועריקײַטן, אָן מי. מיר דאַרפן שרײַבן אַזוי ווי מיר ריידן, עס איז טויזנט מאָל בעסער און דאַנקבאַרער צו שרײַבן אַלע ווערטער ווי „סאָוונאַרכאָז", „סאָוונאַרקאָם", פון וועלכע אונדזערע „קלאָגער אַף ייִדיש" פאַלן אין כאַלאָשעס, און מאַכן זיך גרינג און פאַרשטענדלעך פאַר דעם איינפאַכן אַרבעטער, איידער פּערלען די ווערטער און פאַרפּלאָנטערן דעם געדאַנק".

די אַרטיקלען האָבן אַרויסגערופן דערווידערונגען, ווו דער הויפּט־מאָטיוו איז געווען — שפּראַך איז קולטור, שפּראַך דאַרף ניט ווערן קיין זשאַרגאָן. צ.ב. אין „וועקער" 1924 3/I:

„ווען מיר ריידן וועגן שפּראַך, ריידן מיר וועגן קולטור, דעריבער, בעשאַס מיר באַהאַנדלען די פּראָבלעם פון אַ צײַטונג־שפּראַך, באַהאַנדלען מיר אויך מיט דעם אָט־די פּראָבלעם פון קולטור, וועלכע ווערט געשטעלט פון יעדער צײַטונג, אַלס אַ הויפּט־אויפגאַבע.

„באַזונדערס וויכטיק איז די פּראָבלעם פון שפּראַך פאַר אַ ייִדישער אַרבעטער־צײַטונג. אויך אין די אַלגעמיינע אַרבעטער־צײַטונגען, בעשאַס מיר ריידן וועגן צײַטונג־שפּראַך, ריידן מיר נאָר וועגן פאַרפּאָשעטן די ליטעראַרישע שפּראַך און מער ניט. בײַ אונדז דאַרף מען גאָר אַנדערש אַוועקשטעלן די פּראָבלעם — ווי צו שרײַבן: „כאָזאַיסטווענניק" צי „ווירטשאַפט־טוער", „יאַטשייקע" צי „קעמערל"; נאָך בעסער: שפּראַך אָדער זשאַרגאָן.

„אַ צײַטונג, און דערהויפּט אַ ייִדישע אַרבעטער־צײַטונג דאַרף זיך ניט נאָכיאָגן נאָכן מאַרקיקן זשאַרגאָן, געבן דעם לעזער סוראָגאַט פון שפּראַך, נאָר לאַכלוטן ניט שפּראַך. אַ צײַטונג, וועמעס הויפּט־אויפגאַבע איז קולטור,

אַרייַנציִען איר לייענדנ־אוילעם(!) [1]) אינ קולטור־לעבנ, אינ פולנ זינ פונ וואָרט, דארפ אונ מוז זיך באמיִען געבנ אָט־אָ די קולטור ניט אינ צופעליקנ זשארגאָנ־טערמינען (ווי „יאטשייקע", „פּאָליטגראמאָטע" א. א. וו.), נאָר אינ דער לעבע־דיקער, אָרגאנישער שפראך פונ לעזער".

דער נאָמענ „צופעליקע" ווייַזט, ווי ווייַט דער שרייַבער פונ דעמ ארטיקל שטייט פונ שפראכוויסנשאפט. די ווירקונג פונ רוסיש אפ ייִדיש איז, קלאָר, ניט צופעליק — זי האָט געוויסע סיבעס, אונ ס'איז נאָך א פראגע, צי מיר ווילנ קעמפנ קעגנ דידאָזיקע סיבעס.

אינטערעסאנט איז זיך אָפּצושטעלנ אפ א נאָטיצ (פּ. וואָלפמאנ) אינ „קאָמור־ביסטישער פאָנ" (קיִעוו 1924 I/III).

„צי דארפ די שפראך פונ אונדזער צייַטונג פארפראָסטערט ווערנ, צי דארפ מענ אייַנפירנ די אלעמענ באקאנטע רוסישע אומגאנג־ווערטער, ווי יאטשייקא, כאָזאיסטוועניק א. א. וו., אָדער די שפראך דארפ זייַנ א ריינע, א קלאָרע אונ דערציִענ די לעזער, לערנענ זיי, קעדיי זיי זאָלנ פארשטיינ די צייַטונג?

„מיר דארפנ געדענקענ: שרייַבנ ארטיקלענ לעשיימ שרייַבנ, גלאט אזוי דיסקוסירנ אינ דער וועלט ארייַנ, דאָס איז ניט אונדזער זאך, אונ אוואדע אונ אוואדע ניט די זאך פונ דער קאָמפּרעסע. מיר דארפנ אוועקשטעלנ די פראגע קאָנקרעט, מיט דער גאנצער ערנסטקייַט אונ זי לייזנ וואָס גיכער, וואָס זאכ־לעכער אונ טאקע אפ דעמ געהעריקנ אויפנ.

„ווי אלע לעבעדיקע שפראכנ, איז ייִדיש ניט קיינ הייליקייַט, וועלכע מע דארפ מוירע האָבנ אָנרירנ, איבערוקנ אנ אָס, א וואָרט, זיך בוקנ פאר איר, ווי א פרומער ייִד פאר דער הייליקער טוירע.

„וויל דער ארבעטער ארויסגעבנ גוטע סכוירע, ראיעלע, ניט קיינ בראק, מוז ער זייַנ קוואליפיצירט אינ זייַנ ארבעט, ער מוז קענענ די מאשינ, וויסנ אירע אלע טיילנ אונ שרייַפעלעך, ער דארפ זי קענענ אָפּשטעלנ אונ ווייַטער לאָזנ אינ גאנג. ער דארפ הערשנ איבער איר, זייַנ איר אבסאָליוטער באלעבאָס.

„איז דאָך אונדזער שפראך אנ עמעסע מאשינ אונ טאקע גאָר א קוואלי־פיצירטע, דורך וועלכער מיר ארבעטנ אויס אונדזער געדאנק אונ לאָזנ אימ ארויס אינ דער ברייטער וועלט ארייַנ, פאר די גרויסע ארבעטער־מאסנ.

„ווייסנ מיר שוינ, אז ייִדיש איז ניט ערגער ווי א קאָמפּליצירטע מאשינ. קומענ מיר איצט צו דעמ צווייטנ געדאנק, אז מע דארפ האָבנ פּראָלעטארישע איבערגעגעבנקייַט צו דער מאשינ, ניט שמירנ זי מיט דזעגעכצ אונ סמאָלע, נאָר מיט נאפט אונ בענזינ. זאָל זי זייַנ ריינ, ניט זשאָווערנ, זאָל זי פונקצי־אָנירנ נאָרמאל, קלאפנ מיט טאקט, אונ ארויסגעבנ די סכוירע, וועלכע מיר דארפנ פאר אונדזער געברויך.

„קאָנ ניט דער ארבעטער באהערשנ די מאשינ, קאָנ ער זיך ניט באגיינ מיט איר ווי סע געהער צו זייַנ, איז אונדזער אופגאבע אימ לערנענ, ביז ער וועט זיך אויסלערנענ.

[1]) געמיינט לייענער־אוילעם, לייענענדיקנ אוילעם.

„אָט אזוי דארפן מיר שטעלן די פראגע. פּראָלעטאריש. געזונט. מיט ביידע פיס אין פאבריק.

„דאן וועט די שפראך פון אונדזער צײַטונג געלייזט ווערן (!)".

אין אָנהייב דוכט זיך, אז דער שרײַבער איז פאר רוסיזמען („די אלעמען באקאנטע רוסישע אומגאנג־ווערטער", אָן דעם זידל־וואָרט „זשארגאָן"). אין צוויי שורעס ארום ווײַזט שוין אויס, אז ער איז קעגן („די שפראך דארף זײַן א ריינע, א קלאָרע"...). ווײַטער קלײַבט ער זיך שטעלן די פראגע „קאָנקרעט, מיט דער גאנצער ערנסטקײַט" און זאָגט טאקע ארויס א קאָנקרעטן, ערנסטן און ריכטיקן געדאנק: „ווי אלע לעבעדיקע שפראכן, איז יידיש ניט קיין הייליקײַט" [1] (הייסט עס, אז מע מעג באנוצן די ווערטער, וואָס זײַנען אין דער שפראך פאראן, אפילע ווען זיי קומען פון רוסיש?), אדעראבע, די שפראך איז א מאשין [2] (הייסט עס, אז מע דארף נאָר זען, זי זאָל וואָס בעסער פונקציאָנירן?). לאָזט זיך אָבער אויס, אז די רוסיזמען זײַנען דזעגעכץ און סמאָלע, וואָס מע טאָר דערמיט קיין מאשין ניט שמירן. און אזא געפּלאָנטערטער צוגאנג, פארווײַסט מיט פאבריק־פּראָזעאָלאָגיע, הייסט „פּראָלעטאריש, געזונט, מיט ביידע פיס אין פאבריק".

כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט אף דער נאָטיץ מער ווי זי איז ווערט, ווײַל איך מיין, אז דער געדאנקענגאנג אירער איז כאראקטעריסטיש פאר אסאך קעגנער פון די רוסיזמען אין יידיש. מע איז מאסקים, אז שפראך איז ניט קיין „פעטיש", און דערצו טשעפּעט מען צו אן אויספיר, אז מע טאָר ניט דערלאָזן קיין רוסיזמען אין יידיש, וואָרעם (און דאָס ווערט ניט דערוויזן) רוסיזמען זײַנען דזעגעכץ און סמאָלע.

אויספירלעכער און טיפער שטעלט זיך אָפּ אף דער פראגע מ. ליטוואקאָוו [3]. ער פארנעמט אָבער אויך ניט קיין ריכטיקע פּאָזיציע. ער פארשטייט שוין דאפקע יאָ, פארוואָס סע קומען ארײַן רוסישע עלעמענטן אין דער יידישער לעקסיק, און האלט זיי ניט, ווי איינער פון די פריער־דערמאָנטע ארויסטרעטער, פאר „צופעליקע".

„אין דער יידישער סוויווע זײַנען די מעכיצעס צווישן דער נאציאָנאלער שפראך און דער מעלוכישער שפראך אָפט גאנץ שוואכע און וואקלדיקע, און ביז וואנען יידיש גיט זיך א ריר אף אויסגעפינען און איבערקאָכן א געוויסן אויסדרוק, טערמין, וואָרט־געברויך, רײַסט זיך שוין פון אלע זײַטן אין אונדזער לעקסיקאָן דאָס פארטיקע רוסישע וואָרט".

דערנאָך פאלט אָבער ליטוואקאָוו ארײַן אין א ווידערשפּרוך מיט זיך אליין און (ווי סע האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן) מיט די פאקטן:

„מיר אליין קומען איצט צו דער יידישער ליטעראטור מיט שטרענגע פאָדערונגען, זי זאָל אָפּשפּיגלען דעם רעוואָלוציאָנערן לעבנשטייגער, אז זי

---

1) א טויטע שפראך איז אויך ניט קיין הייליקײַט.

2) „די נאטור איז ניט קיין טעמפּל, נאָר א ווארשטאט", פלעג זאָגן דער אמאָליקער ניהיליסט.

3) זע „אין אומרו" II, ז. 256.

זאָל אונדז געבן דעם ארבעטער, דעם קאָמוניסט, די ראטנ־סוויוועּ. איז וואָס וועט שילדערן די ליטעראטור, די דיכטונג — דעם „כאָזאיסטוועניק", די „יאַ־טשייקע", דעם „סאָוונארכאָזניק", דעם „שקורניק" א. א. וו.? שוינ-זשע קענענ אונ דארפנ דידאָזיקע ווערטער ארייַנגיינ אינ א קינדער־כרעסטאָמאטיע, אינ דער דיכטונג א. א. וו.?"

„די צייַטונג איז דאָס מעכטיקסטע געווער ניט בלויז אינ פּאָליטישנ קאמפּ, נאָר אויכ אינ שאפנ אונ אויסבילדנ אונדזער קולטור. די שפראַכ פונ דער צייַטונג האָט די סטיכישע טענדענצ צו ווערנ די שפראַכ פונ דער גאנצער ליטעראטור, ביפראט נאָכ באַ אונדז, וועלכע זייַנענ אינ ביכער דערווייַל נאָכ גאנצ אָרעמ".

ער שטיצט זיכ, הייסט עס, אפ דער שיינער ליטעראטור, קעדיי אינ איר נאָמענ צו פארהיטנ די ריינקייַט פונ דער צייַטונג־שפראַכ. האָט אָבער די גע־שיכטע אָפּגעטונ אזא שפיצל, אז די צייַטונג (יעדנפאלס די צייַטונג, וואָס כ' ליטוואקאָוו רעדאקטירט) איז פארבליבנ באַ איר „ריינקייַט" אונ רוסיש־פרע־סערייַ, אונ גראָד די שיינע ליטעראטור (וואָס וויל טאקע „אָפּשפּיגלענ דעמ רעוואָליוציאָנערנ לעבנשטייגער") הייבט אָנ ארייַנעמענ אלצ מער אונ מער ווערטער פונ סלאווישער אָפּשטאמונג.

איבעריקס, איז עס קלאל קיינ מאָטיוו ניט — בויענ די צייַטונג־שפראַכ, זיכ אָריענטירנדיק אפ לערנענ דעמ שרייַבער. די צייַטונג אונ דער שיינ־שרייַבער מעגנ האָבנ פארשיידענע סטילנ, ווייַל זיי האָבנ פארשיידענע צוועקנ. באַמ שרייַבער קענ געמאָלט זייַנ אפילע שפראַכ־„ריינקייַט", אויב נאָר עס דינט פאר א קינסטלערישנ מיטל.

אביסל יידישיסטיש איז אויכ וויינגערס צוגאנג („וועקער" 1924 13/ו), אָבער אָנעמלעכער ווי ליטוואקאָווס. „מע דארפ דאָכ ניט פארגעסנ — שרייַבט מ. וויינגער (דער איינציקער לינגוויסט דוכט־זיכ, וואָס האָט זיכ באטייליקט אינ דער דיסקוסיע), — אז א צייַטונג האָט אָפּט צו טונ מיט באגריפנ פונ ארומיקנ לעבנ, וואָס פאלנ ערשט וואָס ארייַנ אינ דער יידישער גאס אונ וואָס פאר זיי איז באַמ יידישנ לעזער נאָכ ניטאָ קיינ געהעריקע יידישע ווערטער. ניט שטענ־דיק קענ אויכ די צייַטונג אפנ אָרט שאפנ דאָס געהעריקע וואָרט, יידישיזירנ, אזוי צו זאָגנ, דאָס פרעמדע וואָרט. גאנצ אָפּט מוז דורכגיינ א היפּשע צייַט, איידער דער שפראַכ־מאָגנ פונעמ פאָלק פארדייט די פרעמדע קלאנגענ. אונ ניט זעלטנ טרעפט זיכ, אז פרעמדע ווערטער ווערנ ביכלאל ניט פארביטנ דורכ אייגענע. אונ אזעלכע פרעמדע ווערטער פארמאָגט אינ א קלענערער אָדער גרעסערער מאָס יעדע שפראַכ.

„ס'איז קלאָר, אז די פירער, די רעדנער, די שרייַבער פונ דער ארבעטער־מאסע, אויב זיי ווילנ זייַנ פירער — אונ דאָס הייסט פריער פונ אלצ פארשטא־נענ ווערנ — וועלנ זיי מוזנ צייטווייַליק אוועקגיינ פונ דער רייַכער אונ ריינער שפראַכ פונ די קלייַנ־אונ מיטל־בורזשואזע שיכטנ אונ וועלנ זיכ דארפנ באנוצנ מיט דער שפראַכ פונ דער ארבעטער־מאסע".

א קימאט ריכטיקע לייזונג פונ דער פראגע האָט געגעבנ (טעאָרעטיש) די „קאָמוניסטישע פאָנ" (22/VI 1924). „מיר האָבנ זיכ ניט געשטעלט אפנ וועג פונ „עמעס" — צו שרײַבנ „אל טאָהאָראס האקוידעש", זיכ אָפּהיטנ פונ א ניט ייִדיש וואָרט, כאָלילע; מיר האָבנ זיכ אָבער אויכ ניט געשטעלט אפנ וועג פונ „וועקער" צו פארגרעבנ, צו פארזשארגאָנעווענ די ייִדישע שפּראכ.

„אונ, וואָס וויכטיקער פאר אלצ איז, מיר גיבנ אָפּ מער אופמערקזאמקײַט דעמ זאצ, ווי דעמ אײנציקנ וואָרט.

„מיר האלטנ זיכ באמ קלאל — ניט דאָס אומפארשטענדלעכע וואָרט מאכט שווער דאָס לייענענ, נאָר דער שווערער, שלעכט געבויטער זאצ.

„פארשטייט זיכ, אָנוואלגערנ אינ זאצ אסאכ נײַע אומפארשטענדלעכע ווער־טער מאכט אויכ גענוג שווער דעמ זאצ. אונ מיר מײַדנ טאקע דאָס אויס. מיר מיִענ זיכ אָפּהיטנ דעמ ייִדישנ זאצ—אינ דעמ זײַנענ מיר נאָענט צומ „עמעס" מיט זײַנ שרײַבנ „אל טאָהאָראס האקוידעש"—רײנ ייִדיש, אָבער ניט אינ דעמ וואָרט, נאָר אינ זאצ. מיר אנטלויפנ אויכ ניט ווי פארנ רויעכ פאר א „ניט ייִדיש" וואָרט, אויב דאָס וואָרט איז שוינ אנ אָנגענומענעס אונ רײַסט ניט דעמ אויער— דערמיט דערנענטערנ מיר זיכ צומ „וועקער", אָבער ניט צו זענ צו פארזשאר־גאָנעווענ די שפּראכ, נאָר זי באררײַכערנ מיט פארשיידענע אויסדרוקנ, ניואנסנ.

„פארשטייט זיכ, אז מיר זײַנענ ווײַט פונ שליימעס. מע קענ אויכ אָפּט אינ „קאָמפאָנ" געפינענ האמעטנע אונ טערפּקע זאצנ, פונ וועלכע עס הייבט אָנ שלאָגנ צומ הארצנ. עס טרעפט אויכ אינ „קאָמפאָנ" ניט קײנ געלונגנ וואָרט, אנ איבעריקער רוסיציזמ. אָבער דאָס טוט זיכ ניט פונ פּרינציפּ, נאָר פונ צײַטונג־כאפּעניש, אמאָל נאכלעסיקײַט.

„אָבער, אינ אלגעמיינ, אויסער אייניקע קוריאָזנ, וואָס טרעפנ אויכ צופעליק אינ „קאָמפאָנ", גייענ מיר אפנ ריכטיקנ וועג צו מאכנ אונדזער שפּראכ שיינ אונ פארשטענדלעכ. מיר שרײַבנ ניט, אָדער שטרעבנ לעכאָלאפּאָכעס ניט שרײַבנ אינטעליגענטיש אָדער וווּלגאריש".

ניט נאָר אפ די זײַטלעכ פונ די צײַטונגענ איז באהאנדלט געוואָרנ די צײַטונג-שפּראכ. אָט האָבנ מיר אנדערע סאָרטנ ארויסטרעטונגענ:

„וויִאזוי די שפּראכ־פראגע פונ דער ייִדישער קאָמ. פּרעסע האָט פארינטע־רעסירט די טולטשינער ארבעטער, האָט קלאָר באוויזנ די פארזאמלונג, וועלכע די ייִדסעקציע האָט צונויפגערופנ דעמ 15 יאנוואר ד. י. כוצ ארבעטער זײַנענ אפ דער פארזאמלונג אויכ געקומענ די עלטערע שילער פונ דער ייִדישער שול אונ די ייִדישע שילער פונ דער רוסישער אונ אוקראַיִנישער שול... עס האָבנ זיכ ארויסגעזאָגט איבער 20 כאווײרימ. אייניקע האָבנ אָנגעוויזנ, אז די שפּראכ פונ „עמעס" איז צו שווער פאר ארבעטער אונ מע מוז זי פארײנפאכנ. אנדערע, פארקערט, האָבנ אָנגעוויזנ, אז עס איז גענוג איבערלייענענ מיט די ארבעטער די צײַטונג, אז זיי זאָלנ זי פארשטיינ.

„כ' איצקאנ האָט אָנגעוויזנ, אז אויב דער „עמעס" זאָל זיכ וועלנ צופּאסנ צו יעדנ לעזער באזונדער, וועט ער באדארפנ ארויסלאָזנ פאר פּאָדאָליע א טײל

עקזעמפליארנ מיטנ פאָדאָליער דיִאַלעקט, פאר וואָלינ מיט וואָלינער דיִאַלעקט
אונ פאר ווײַסרוסלאנד מיט גאָר אנ אנדערנ דיִאַלעקט...

„נאָכ לאנגע דעבאטנ אונ הייסע וויקוחים, איז אָנגענומענ געוואָרנ א רע־זאָליוציע, אז די שפראכ פונ „עמעס" דארפ ניט פארפראָסטערט ווערנ. וואָס איז שײַעכ דער „קאָמפאָנ", דארפ איר שפראכ פארבלײַבנ פראָסט אונ זי דארפ ניט פארביליקט ווערנ. פאר דער רעזאָליוציע האָבנ געשטימט צוויי דריטל פונ די פארזאמלטע" („עמעס" 1924 2/II).

דאָ, זעענ מיר, האָט כוץ דער אלגעמײַנער שוועריקײַט פונ דער צײַטונג־שפראכ (מיסטאמ ליטעראַרישע ווערטער, העברעיִזמענ, עפשער אויכ סינטאק־סישער בוי) פיגורירט נאָכ די דיִאַלעקטישע פרעמדקײַט (פאר פאָדאָליע); געוויס איז עס פארבונדנ מיט דער פראגע פונ אָרטאָגראַפיע. אויכ די רעזאָליוציע איז א קאָמפראָמיסלעכע: איינ טייל פארזאמלטע האָט מיסטאמ נאָכגעגעבנ בענעגייע דעמ „עמעס" אונ דערפאר דער אנדערער — בענעגייע „קאָמפאָנ".

אינ א נעסיִע פונ „וועקער" האָט דער פאָרשטייער פונ „וועקער" געהערט פונ ארבעטער א פאָדערונג — „א פאָשעטערע שפראכ, אויסמײַדנ אויסלענדישע ווערטער" („וועקער 1924, 5/X).

די שפראכ־פראגע איז אופגעשוואומענ אויכ אפ דער אלפארבאנדישער בארא־טונג פונ די ייִדסעקציעס פונ ר. ק. פ. (אפרעל 1924), בעייסנ פאָרטראַג (ליט־וואקאָווס) וועגנ אונדזער פרעסע אונ פארלאג־ארבעט. אָט וואָס דער פאָרטרעגער האָט געזאָגט („עמעס" 1924 11/IV):

„מע קלאָגט זיכ אפ דער שפראכ פונעמ „עמעס". דאָס איז א שווערע פראגע. אלע טאָג ווערנ געבוירנ נײַע באגריפנ, וואָס די שפראכ דארפ זיי איבערקאָכנ. סע ווערנ ארײַנגעפירט נײַע ווערטער, סע קומענ פאָר דורכפאלנ, דאָס איז אומפארמײַדלעכ. אָבער זיכ אראָפלאָזנ אינ זינ פונ שפראכ קאָנענ מיר ניט. דער „עמעס" איז א צענטראלע צײַטונג, — וואָס דורכ איר דארפ זיכ דער לייענער לערנענ, — אפילע אינ הינזיכט פונ דער שפראכ. אפ אומפאר־שטענדלעכקײַט פונ דער שפראכ קלאָגט מענ זיכ אויכ בענעגייע דער רוסישער פרעסע; אפילע אפ „ביעדנאָטא". אָבער דאָס ברענגט ניט דערצו, אז מע זאָל דאָרט קאליע מאכנ די שפראכ. מיר קענענ ניט גיינ אפנ וועג פונ „וועקער", וואָס בענעגייע דער שפראכ האלט ער זיכ באמ קלאל: „יאקבי ני ריידעלע אבי דאָבריע טײַנעלע". אימ איז לײַכטער זיכ באנוצנ מיט א גאָר פאָשעטער שפראכ, ווײַל ער פארנעמט זיכ ניט מיט ערנסטע פובליציסטישע פראָבלעמענ. ווענ ער וועט צו זיי איבערגיינ, וועט ער אויכ דערפילנ א טאמ. מיר זוכנ, געפינענ אונ שאפנ נײַע ווערטער, וואָס ניט אלעמאָל זײַנענ זיי געלונגענ. ס'איז קלאָר, אז די שפראכ דארפ זײַנ פארשטענדלעכ, אָבער צוזאמענ דער־מיט, וואָס מיר ווערנ רײַכער אינ באגריפנ, נייטיקנ מיר זיכ אינ נײַע ווערטער".

אויסצוגנ פונ די דעבאטנ:

„כ' אבראמ. די עקזיסטענצ פונ אונדזערע צײַטונגענ איז אָפהענגיק פונ זייער טיראזש. דער טיראזש איז אָפהענגיק פונ זייער אָריִענטאציע. די שפראכ

פונעם „עמעס" איז צופיל געקינצלט. מע דארף צוגיין נעענטער צו דער פאָלקס־שפּראַך. אויב מע קאָן דעם „עמעס" ניט פאַרשטיין, לייענט מען בעסער א רוסישע צײַטונג.

כ' אלטשולער (נעוועל). דער „עמעס" מוז זיך צופּאַסן צום לייענער. מיר זאָגן ניט, אז די שפּראַך דארף פארגרעבט ווערן. די שפּראַך פונעם „עמעס" איז צו שווער. שווערע ווערטער דארפן אפן אָרט דערקלערט ווערן.

כ' שאמיי (בערדיטשעוו). שוין צײַט מיר זאָלן אופהערן צו מיינען, אז פארן יידישן ארבעטער דארף מען אלץ צעקײַען און ארײַנלייגן אים אין מויל. ער איז שוין ניט קיין קינד.

כ' אלטשולער (הויפּט־ביוראָ). די שפּראַך דארף ווערן צוגענגלעכער. מיר דארפן אויסמײַדן איבעריקע העברעיזמען.

כ' גאָרדאָן (באכמוט). די שפּראַך פונעם „עמעס" מוז מען איבערזעצן, אז ניט פארשטייט מען ניט.

כ־טע עסטער. די שפּראַך־פּראָבלעם איז זייער א שווערע פאר א צענ־טראַלער צײַטונג. מע מוז אָבער מאכן אטאַך אויסבעסערונגען. מע מוז מיט אלע קויכעס אויסמײַדן העברעיזמען און זײַן זייער פאָרזיכטיק מיט באשאפן נײַע ווערטער. מע טאָר אָבער ניט פארפלייצן מיט רוסישע ווערטער, אזוי ווי דאָס טוט דער „וועקער", ווײַל דורך דעם צערײַסט זיך דער איבערגאנג פון צײַטונג צום בוך. מיר וועלן דאָך ניט ארויסגעבן קיין באזונדערע ביכער פאר מינסק, קיִעוו, אָדעס. אין דערזועלביקער צײַט געברויכט דער „וועקער" העב־רעיזמען (9־טער יאנוואר — יומאָ דפגראָ)".

אין שלוסוואָרט האָט כ' ליטוואקאָוו געזאָגט: „געוויס זײַנען מיר אלע מאסקים, אז די שפּראַך מוז ווערן צוגענגלעכער, אָבער מע קאָן דאָך ניט פאַר־לייגן זיך אָריענטירן אפ א מין אָדעסער יידיש, אָדער אפ דער שפּראַך פון אמעריקאנישן „פאָרווערטס". מע דארף וויסן צו באנוצן זיך מיט ווערטער, ווי צו בילדן נײַע ווערטער".

אין א האלב יאָר ארום איז ער געצוווּנגען צו קאָנסטאטירן („עמעס" 1924 $14/_X$):

„ווי ס'איז צו זען פונעם באריכט פון דער אלוקראַיִנישער באראטונג פון די יידסעקציעס, וואָס איז געדרוקט אין הײַנטיקן נומער „עמעס", האָבן די דעלעגאטן פון די ערטער זיך ווידער געקלאָגט אפן „עמעס". דער „עמעס" איז ניט פארשטענדלעך, דער „עמעס" איז ניט פּאָפּולער, דער „עמעס" איז ניט צוגענגלעך,— אזוי האלט מען אין איין טײַנען. אפ דער קאָנפערענץ פון די סטודענטן פונעם יידישן סעקטער פונעם קאָמוניסטישן מײַרעוו־אוניווער־סיטעט, ווו די סטודענטן, וואָס האָבן פארבראכט זייערע קאניקולן אפ פראַק־טישער ארבעט אין די שטעטלעך, האָבן זיך געטיילט מיט זייער דערפארונג, האָבן אייניקע אין נאָמען פון די שטעטלעך זיך אויך געקלאָגט אפן „עמעס". איינער פון זיי האָט, לעמאָשל, דערציילט, אז אין ראדאָמיסל (קיִעוו. גוב.) קלאָגן זיך די ארבעטער, אלעמײַ באגעגענען זיך אין „עמעס" צופיל „סוקעוואטע

ווערטער". און דאָס טײַנעט מען איצט, ווען דער „עמעס" האָט זיך שוין לאַנג „פֿאַרפּראָסטערט" ביז גאָר".

אָפּ ליטוואַקאָווס אַרטיקל האָבן זיך אָפּגערופֿן א צאָל לייענער און אַרבּ־קאָרן. אין א ספּעציעלער רובריקע „די לעזער וועגן „עמעס" ווערן געבראַכט זייערע מיינונגען, און זיי ווידערשפּרעכן איינע דער צווייטער. אָט זײַנען עטלעכע אַזעלכע מיינונגען:

„עס ליגט א כּיוון אָפּ די ייִדסעקציעס צו זאָרגן, עס זאָל ווערן מער פֿאַר־שפּרייט ייִדישע שולן, ווו מע זאָל לערנען אָפּ דער ייִדישער שפּראַך, איבער־הויפּט אין די קלענערע שטעטלעך" („עמעס" 1924 11/XI).

„לויט מײַן אָפּשאַצונג איז די שפּראַך פֿון „עמעס" אַנטקעגן דער גאַנצער ייִדישער פּרעסע אין אויסלאַנד, בעסויכאָם די ייִדישע קאָמפּרעסע, געשריבן אין אַזא פּאָשעטער און פּאָפּולערער שפּראַך, אַז זי לייגט מאַמעש דעם לעזער די ווערטער אין מויל אַרײַן, אַזוי אַז די „קריטיק" וועגן דער שפּראַך פֿונעם „עמעס" האָט קיין שום גרונט ניט" (24 12/XI).

„איך וואָלט מען געדאַרפֿט צופּאַסן דעם „עמעס" צו די מערהײַט לעזער. ווען מע לייגט פֿאָר אַן אַרבעטער, אַז ער זאָל אַבאָנירן דעם „עמעס", ענטפֿערט ער: „איך פֿאַרשטיי ניט, וואָס דאָרט איז געשריבן". דאָס איז טאַקע איינע פֿון די סיבעס, וואָס א באַדײַטנדיקער צאָל אַרבעטער לייענען ניט קיין צײַטונגען. רוסיש קענען זיי ניט און דעם „עמעס" פֿאַרשטייען זיי ניט. סע וואָלט געווען גאַנץ פּראַקטיש, אַז די אַלע נײַע ווערטער, וואָס דרוקן זיך אַלע טאָג, זאָלן ווערן פֿאַרטײַטשט אין צײַטונג" (24 13/XI).

„איך גלויב און בין אין דעם איבערצײַגט, אַז פֿאַר דיזעלבע כאַווײרים, וועלכע האָבן מיט א יאָר אָדער צוויי צוריק „געקערט וועלטן" אָפּ דער ניט־פֿאַרשטענדלעכקײַט פֿון דער ייִדישער צײַטונג־שפּראַך, איז שוין איצט די שפּראַך גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, זיי באַגעגענען שוין ניט אין „עמעס" קיין „סוקעוואַטע" ווערטער און אויסדרוקן, האַגאַם די שפּראַך האָט זיך פֿאַר דער צײַט מער קאָמפּליצירט (אויך א „סוקעוואַטער" וואָרט). די איצטיקע „שרײַער" און „באַל־טײַנעס" צום „עמעס", דאָס איז, גלויב איך, א נײַער קאַדר לעזער, וועלכער איז ערשט אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

„פֿאַרשטייט זיך, אַז די שפּראַך פֿון דעם גאַבעס „רעטש", א מוסטער פֿון וועלכער עס איז געווען ניט לאַנג אין „עמעס", וואָלט פֿאַר זיי געווען מער פֿאַרשטענדלעך" (24 16/XI, שאָלעם לעווין).

„ווײַטער מוז איך זאָגן, אַז די אַבאָנירונג אָפּן „עמעס" איז שוואַכלעך, ווײַל די שפּראַך איז עפּשער צו שווער. מיר איז אויסגעקומען צו ריידן מיט אַסאַך אַרבקאָרן פֿון ווײַסרוסלאַנד, האָבן זיי אָנגעוויזן, אַז די ייִדישע אַרבעטער־מאַסן באַציִען זיך זייער ערנסט צום „עמעס", אָבער זיי קאָנען אים ניט לייענען, זיי איז צו שווער צו פֿאַרשטיין טיפֿע אַרטיקלען, ס'איז אַסאַך מאָל שווער צו פֿאַרשטיין די אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער" (24 18/XI).

מיט א מאָדנער אַנטדעקונג איז געקומען („עמעס", 1924 18/X) ד. האָכבערג.

אינ דער גאנצער דיסקוסיע האָט נאָכ קיינער קיינמאָל ניט געזאָגט, אז די „ריינע״ צײַטונג־שפראכ, די שפראכ פונ „עמעס״, איז דעם פראָסטנ לייענער פארשטאנדיקער ווי די גערעדטע שפראכ, געמישט מיט רוסיזמענ. אָט איז שאָלעמ לעווינ, א קעגנער פונ דער „זשארגאָניזירונג״, אליינ מודע, אז די שפראכ פונ דעמ גאבעס „רעטש״ וואָלט פאר די נײַע ארבעטער־לייענער געווענ מער פארשטענדלעכ.

ד. האָכבערג אָבער שרײַבט:

„דעמ גאנצנ אומגליק זעט מענ אינ דעמ, וואָס די ייִדישע פובליציסטנ שטאָלצירנ שוינ צופיל מיט ייִדישע ווערטער אפילע דעמאָלט, ווענ דערזעלבער באגריפ קענ גאנצ פײַנ אויסגעדריקט ווערנ דורכ א מער פארשטענדלעכנ (פאר וועמענ?) ניט־ייִדישנ אויסדרוק״. ד. האָכבערג ווייסט קלוימערשט ניט, פאר וועמענ דער „ניט־ייִדישער״ אויסדרוק איז פארשטענדלעכער ווי דער „ייִדישער״. זאָל ער פרעגנ בא שאָלעמ לעווינענ, וואָס ווייסט מיסטאמע דעמ ייִדישנ ארבע־טער בעסער.

ד. האָכבערג כאַכמעט זיכ:

„אויב די ארבעטער זײַנענ אינ עמעסנ אימשטאנד אויסצוטיילנ אינ דער צײַטונג די „סוקעוואטע״ ווערטער, זײַנענ זיי (די ארבעטער, ניט די ווערטער) אפ א דערעכ, אונ דער „עמעס״ איז אפ א דערעכ. אויב דער לייענער איז אימשטאנד אויסצוטיילנ די ווערטער, וועלכע ער פארשטייט ניט, איז גוט. דאָס איז א סימענ, אז ער ווייסט די שפראכ, ער פארשטייט די שפראכ״.

איז דארפ מענ עפשער אומיסנע אײַנפירנ סוקעוואטע ווערטער, ווײַל זיי האָבנ א דערציִערישנ ווערט? ניינ, אזוי קאָנסעקווענט וויל האָכבערג ניט זײַנ. סאָפ ארטיקל איז ער מאסקימ, אז „גלײַכער איז, פארשטייט זיכ, אויסצומײַדנ „סוקעוואטע״ ווערטער, אויב דער געגעבענער באגריפ קאָנ אויסגעדריקט ווערנ דורכ א מער גלאטנ, מער פארשטענדלעכנ וואָרט״.

אָבער צו וואָס טויג די אייצע, ווײַבאלד אז ד. האָכבערג האָט אזא אָריגי־נעלע מיינונג וועגנ פארשטענדלעכקײַט אונ ניט־פארשטענדלעכקײַט? אז שרײַבנ אפ דער שפראכ, וואָס מע רעדט אפ איר, הייסט בא אימ:

„שאפנ א נײַע שפראכ גלאט אינ דער וועלט ארײַנ. די אופגאבע פונ דער רעדאקציע איז ניט קיינ שפראכ־שאפערײַ. שאפנ שפראכנ איז א אווודע פאר בורזשואזע לײדיקגייער״.

הייסט עס, אויב ליטוואקאָוו אליינ איז מודע, אז אינ רעדאקציע „עמעס״ שאפט מענ נײַע ווערטער (טאקע קעדיי אויסצומײַדנ די פארשטענדלעכע רוסיז־מענ),— קומט אויס, אז די רעדאקציע „עמעס״ פארנעמט זיכ מיט אנ אווודע פונ בורזשואזע לײדיקגייער? ווער־זשע איז גערעכט — ליטוואקאָוו צי זײַנ פארטיידיקער האָכבערג? [1]). אונ אפ וואָס פאר א שפראכ שרײַבט ד. האָכבערג

1) אפ יענעמ טייל אינ האָכבערגס ארטיקל, וואָס ווענדט די אופמערקזאמקײַט אינ דער ריכ־טיקער זײַט (גראמאטישער בוי פונ צײַטונג־שפראכ), קענ איכ זיכ דאָ ניט אָפשטעלנ, ווײַל דאָ פארנעמ איכ זיכ נאָר מיט דער לעקסיק פונ צײַטונג־שפראכ.

אליינ? דערופ ווערט אָנגעוויזנ אינ די ענטפערס, וואָס זײַנ ארטיקל האָט ארויסגערופנ:

„אָט נעמט צ. ב. דעם ווערטער־מאטעריאַל פונ האָכבערגס ארטיקל. האָט איר דאָ אזעלכע בעסמעדרעש־ווערטער, ווי „טרופע" אָנשטאָט „מיטל", „טויפעס זײַנ" אנשטאָט „באנעמענ", „לעראָוו" אנשטאָט „ס'ראָוו", „לעגאמרע" אנשטאָט „אינגאנצנ", „ראק" אנשטאָט „נאָר" — אונ ניט איינמאָל דאָס איבערגעכאזערט.

„אויב כ' האָכבערג האלט פאר מעגלעכ איינבירגערנ דידאָזיקע ווערטער אינ יידיש, איז פארוואָס איז ער זיכ אזוי צעפּאָרנ ווענג „האקנ א טשײַנ ק — אונ פּאָטער", „אומגעלומפּערטע שפראכ", „מעשונעדיקע שפראכ" (ע. 24 וא־15, כ. ווינ).

האָכבערג ווײַזט מיט זײַנ אייגענעם בײַשפּיל, וויאזוי מע אנטלויפט פונ רוסיזמענ אונ מע פאלט ארײַנ אינ געפענקעניש צו העבראַיזמענ.

אינ נומער פונ 16/XI 1924 קערט זיכ אום דער „וועקער" צו דער פראגע ווענג רוסיזמענ. ער ענטפערט כ' ליטוואקאָוונ אפ זײַנע טײַנעס ווענג שפראכ־ריינקײַט.

„איר מיינט, אז דער וואָרט „יאטשייקע" איז באַם „וועקער" א פּראָגראם? אויב מיר האָבנ קיינ טאָעס ניט, האָט דער „וועקער" דער ערשטער ארײַנגע־פירט אינ אונדזער טאָג־פרעסע דאָס וואָרט „קעמערל". מ'האָט פריער געשריבנ „קערנדל", „צעלע". נאָר, גלויבט אונדז, אז ווענ איר רעדט מיט א דורכשניט־לעכנ ארבעטער אונ באנוצט אימ דאָס וואָרט „קעמערל", דערצו נאָכ „קאָמ־קעמערל", פארשטייט ער אײַכ ניט, אונ ווענ איר זאָגט „יאטשייקע", „קאָמ־יאטשייקע" — פאַרשטייענ אײַכ אלע. ניט שווינ־זשע איז דאָ שײַעכ אָקשאָנעס [1].

„פארוואָס שטייט אָנ דער דײַטשישער קאָמוניסטישער פרעסע זייער אָפט צו באנוצנ דאָס וואָרט „יאטשייקע" אונ קיינער סיגנאליזירט זיי ניט קיינ סאקאָנע?

„כ' ליטוואקאָוו! מיר לייקענענ גאָר ניט דעם פאקט פונ א מעגלעכער סאקאָנע ווערנ נאָכגעשלעפּט פונ די מאסנ, דאָס, וואָס לעניג האָט אָנגערופנ „כוואָסטיזם" (שלעפּנ זיכ באַם עק, אנשטאָט צו גיינ פאָרויס די מאסנ). אָבער די סאקאָנע שטעקט אנדערשוו. אונ דאָ וועט איר אונדז מוזנ קומענ צו הילפ.

„איר ווייסט, אז די קליינבירגערלעכע סטיכיע רײַסט זיכ אינ אלע שפּאַ־רונעס פונ אונדזער לעבנ. עס ווערט באשאפנ א נײַ־מאָדערנע יידישקײַט, וואָס איר קולט איז יידיש".

די פראגע ווענג צײַטונג־שפראכ קומט אופ פונ צײַט צו צײַט כוואליע־ארטיק. אָט האָט אינ אָקטיאבער 1925 די יוגנט־סעקציע פונ מאָסקווער קלוב „קאָמוניסט" אײַנגעאָרדנט א פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכ־ליטערארישנ מישפּעט איבערנ קאָמיוגישנ זשורנאל „יונגוואלד". דאָ איז געזאָגט געוואָרנ א פּאָר ווערטער ווענג דער שפראכ פונ „יונגוואלד" („עמעס", 1925 1/XI).

---

[1] דער וואָרט „קעמערל" אונ אנדערע אזעלכע זײַנענ שוינ הײַנט פארשטאנדיק (באַטש מע באנוצט נאָכ עפּשער „יאטשייקע" אָפטער), אָבער דערפונ איז ניט געדרונגענ, אז ער איז דעמאָלט געווענ בייטיק.

„ער לייגט וויניק אכט אף דער אויספאָרמירונג פון דער שפּראַך" (באַשול־דיקונג־אַקט).

„די טײַנעס וועגן שווערקייטן פון דער שפּראַך זײַנען אַלגעמיינע, ד; ה. זיי באַציִען זיך ניט בלויז צו דעם „יונגוואַלד" (ענטפער פונעם באַשולדיקטן).

„די שפּראַך־טײַנעס זײַנען אַן אַנאַכראָניזם. פאַר דער צײַט האָט מען זיך שוין אַסאַך צוגעלערנט, און מ'וועט זיך צולערנען, ווײַל אונדזער ראַטן־לעבן ווערט יידישיזירט, מוזן געשאַפן ווערן נײַע ווערטער, וואָס זײַנען די ערשטע צײַט ניט פאַרשטענדלעך.

„אין זין פון שפּראַך ווערט דער „יונגוואַלד" אַלץ מער צוגענגלעך און פּאָפּולער, אָבער אין דעם געביט איז פאַראַן פעלערן, וואָס אין זיי איז שול־דיק ניט דער זשורנאַל. די מאַסע יוגנטלעכע איז נאָך אין קולטורעלן זין רוי און ניט מעסוגל צו באַנעמען די נײַע שפּראַך־באַגריפן, וואָס עס קומט אויס זיך צו באַנוצן די עלטערע פּובליציסטן — און פון דער צווייטער זײַט צווינגט די דאָזיקע יוגנט אויף די נײַע „יונגוואַלד"־מיטאַרבעטער זיך צו באַנוצן מיט ניט ריכטיקע, ניט יידישע אויסדרוקן" (פונעם פאַרטיידיקערס, כ' ליטוואַקאָווס רעדע).

יאָרן גייען אַוועק, דער לייענער, דאַרף מען רעכענען, וואַקסט אויס, אָבער די טײַנעס צו דער צײַטונג־שפּראַך הערן ניט אויף. אָט וואָס מיר לייענען אין 1928 יאָר (כ' ווייצבליט אין „רויטער וועלט" 1928 יאָר, אין א באַשרײַבונג פון דאָריִעווקע).

„עמעס" איז טאַקע אַן ערנסטערע צײַטונג (ווי „שטערן"), נאָר איר שפּראַך איז אַבסאָליוט ניט פאַרשטענדלעך דעם דאָריִעווקער לייענער. — „אָט לייען איך די „פּראַוודאַ", מיר איז טאַקע שווער צו לייענען א רוסישע צײַטונג — כ'האָב קיין אוניווערסיטעטן ניט געענדיקט, דאָך איז מיר אַסאַך גרינגער צו לייענען די „פּראַוודאַ", איידער דעם „עמעס".

„איך האָב געפּרוווט (דערציילט ווייצבליט) לייענען הויך דעם „עמעס" פאַר עטלעכע אָרטיקע אײַנוווינער, וואָס זײַנען ביכלאַל שטענדיק לייענער פון צײַטונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מערהײַט [1]) ווערטער איז פאַר זיי אומפאַרשטענדלעך".

און אין 1928 יאָר (אין יובליי־נומער „שטערן", 10/V 1928, אין א זעלבסטקריטישן אַרטיקל „אונדזער פּאַסיוו"):

„דאָס וואָרט איז אָפט ניט דערגאַנגען. אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע יידישע קאָמוניסטישע צײַטונגען האָט זיך דער „שטערן" אין דעם פּראַט פון שפּראַך, פון וואָרט מיט וואָס צו באַרימען. אין „שטערן" איז דאָס מער געשליפן, מע „האָרעוועט" דאָרט איבער דעם מער. אָבער דאָך — איז נאָך ווײַט פון פאַרפול־קומענהײַט. עס דערגרייכט נאָך אָפט ניט צום דורכשניטלעכן מאַסן־לייענער, עס איז אים צומאָל אומפאַרשטענדלעך".

---

1) קלאָר, אַז ניט די מערהײַט. ווייצבליט קער מיינען: די מערהײַט פון יענע ווערטער, וואָס קומען ניט פאָר אין דער אומגאַנג-שפּראַך, אָדער גלאַט — אַסאַך ווערטער.

און אין דיסקוסיעס (צ. ב. אפ מײַנעם א פּאָרטראג װעגן לינגװאָטעכניק אין קיִעװ, 1930) קומט נאָך אױס צו הערן:

„ארבעטער קלאָגן זיך: די ליטעראטן האָבן געמאכט אזא שפּראך, אז מיר פארשטײען ניט".

אין 1930 יאָר הערן מיר דיזעלביקע טײַנע, װאָס אין 1923 יאָר, װאָרעם אויב דער לײענער װאקסט — קומען דאָך אָבער צו נײַע לײענער.

די װיכטיקסטע פראגעס פאר דער צײַטונג־שפּראך אין לעקסיק זײַנען: די באצִיִונגען צו רוסיזמען און די באצִיִונגען צו העברעיִזמען.

מיט דער צװײטער פון אָט־די פראגעס פארנעם איך זיך אינעם װײַטער־דיקן ארטיקל.

---

# שטערט ניט דער דעהעברעיִזאַציע פון ייִדיש

## I דער היסטאָרישער וועג.

פונוואַנען און וויִאַזוי איז געקומען דער העברעיִשער עלעמענט אין ייִדיש. — אינטערנאַציאָנאַלער האַנדל. — רעליגיעזע ליטעראַטור. — קאַמף צווישן העברעיִשע און גערמאַנישע ווערטער אין 15, 16 יאָרהונדערט. — העברעיִשער עלעמענט און קלאַסן-אונטערדריקונג. — העברעיִש-ייִדישער זשאַרגאָן. — די שפּראַך בײַ די קלאַסיקער. — רעאַקציע קעגן פאַרהעברעיִזירונג פון ייִדיש. — אַרבעטער-באַוועגונג. — באָרושאָווער. — דינאַמיק פון העברעיִזמען בײַ ליטוואַקאָוון. — העברעיִזמען און סאָציאַלע דיפערענציאַציע. — העברעיִשע מערצאָלפאָרמעס. — ספּיוואַק-יעהויעשעס פּאָרויכזאָגונג און טאַוויאָווס אײַצע. — אָקטיאַבער האָט צעשפּאָלטן די וועלט. — זיווע פון ייִדישיזם, ציִעניזם און קלעריקאַליזם אין דער שפּראַך פון ייִוואָ. — דעהעברעיִזאַציע פון ייִדיש אין סאָוועטנפאַרבאַנד. — דעהעברעיִזאַציע גייט לאַנגזאַם, טרעפט אַ ווידערשטאַנד. — קאַמף פאַר דעהעברעיִזאַציע איז קלאַסנקאַמף אין דער שפּראַך. — וועגן דעם פּראָצענט פון העברעיִזמען.

פונוואַנען און וויִאַזוי איז געקומען דער העברעיִשער עלעמענט אין ייִדיש? מיט דער פראַגע פאַרנעמט זיך ב. רובשטיין[1]. ער זוכט אַן ענטפער אינעם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל, מיט וועלכן ייִדן האָבן זיך פאַרנומען אין מיטל־אַלטער (VII יאָרהונדערט און שפּעטער).

„אַדאַנק דער ייִדישער צעשפּרייטקײַט איבער דער גאַנצער וועלט זײַנען געשאַפן געוואָרן פאַרן ייִדישן אינטערנאַציאָנאַלן סוחר „נאַטירלעכע“ שטיצ־ און שוץ־פּונקטן, וווּ ער האָט געקענט צו אַלע צײַטן געפינען הילף און די נייטיקע אָנווײַזונגען.

„די ייִדישע קעהילעס האָבן אָבער געקענט פאַרוואַנדלט ווערן אין שטיצ־פּונקטן פאַרן ייִדישן אינטערנאַציאָנאַלן מיסכער בלויז אין דעם פאַל, ווען די ייִדישע סאָכרים האָבן אַ מעגלעכקײַט צוזאַמענצורעדן זיך מיט די געמיינדעס, וואָס ליגן אויף זייער האַנדלס־וועג. די ייִדישע קעהילעס זײַנען אָבער צו יענער צײַט קימאַט אומעטום שפּראַכלעך געווען אַסימילירט מיט דער אַרומיקער

[1] בן-ציון רובשטיין. די אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער שפּראַך. וואַרשע, 1922, ז. 22 א. וו.

באפעלקערונג און קענען די שפּראַכן פֿון אַלע ייִדישע קהילות
אייגנטלעך געהייסן קענען אַלע שפּראַכן קימאַט פֿון גאָר דער וועלט. ס'איז
דעריבער אומבאַדינגט נייטיק געווען פֿאַרן ייִדישן מיזרעכשן (אינטערנאַציאָנאַלן)
האַנדל צו געפֿינען אַ הילפֿס־שפּראַך, וואָס זאָל אים געבן די מעגלעכקייט צו־
זאַמענצורעדן זיך מיט די ייִדישע קהילות. אין אַזאַ האַנדלס־הילפֿס־
שפּראַך האָט געקענט פֿאַרוואַנדלט ווערן בלויז העברעיִש־אַראַמעיִש — די
שפּראַך פֿון טאַלמוד, וואָס האָט רעגולירט דאָס רעליגיִעזע לעבן פֿון אַלע
ייִדישע קהילות — די שפּראַך, אַף וועלכער ס'האָבן צו יענער צײַט נאָך גע־
רעדט אַ באַדײַטנדע צאָל ייִדישע קהילות אין פֿאָדער־אַזיע און וואָס איז
מער אָדער ווייניקער געווען באַקענט די ייִדישע פֿאָלקס־פֿירער און אינטע־
ליגענץ פֿון גאָר דער וועלט. צוערשט האָט זיך דער ייִדישער סוחר אַף
דערדאָזיקער שפּראַך געגריסט מיט די מיטגלידער פֿון די איבעריקע ייִדישע
קהילות — מיטן טראַדיציאָנעלן „שלום־עליכם”, וואָס איז שוין געווען פֿאַר־
שוווּנדן אין דער צײַט פֿון דער רוימישער און גריכישער שפּראַך־אַסימיליאַציע
אַף דערדאָזיקער שפּראַך האָט ער זיך באַמיט צו באַקומען די נייטיקע האַנדלס־
אָנווײַזונגען און ד. גל. אַף העברעיִש־אַראַמעיִש האָט ער זיך אויך געווענדט
צו די אָנפֿירער פֿון די פֿרעמדע ייִדישע קהילות, ווען ער איז געצוווּנגען געווען
צו בעטן בײַ זיי שוץ אָדער הילף קעגן רויבער־אָנפֿאַלן אָדער זייער שטאַדלאָנעס
וועגן אַ „כעסעד” בײַ די אָרטיקע הערשער. באַזונדערס אָבער האָט זיך דער
ייִדישער סוחר געמוזט באַנוצן מיט דער העברעיִש־אַראַמעיִשער שפּראַך
בעיס ער האָט זיך געוואָלט דערוויסן בײַ די ייִדישע קהילות, וואָס פֿאַר אַ סכוי־
רעס ס'קענען אין דעם אָדער אין יענעם אָרט געפֿינען אַן אָפּזאַץ, וואָס פֿאַר
אַ סכוירעס מע קען אײַנקויפֿן און ד. גל. דעריבער האָבן זיי די זאַכן, מיט
וועלכע זיי האָבן דעריקער געהאַנדלט (די איידעלע שטיינער, מיזרעך־פֿייִרעס,
קנעכט, פֿאַרשיידענע צירונגען) — ווי אויך אַנדערע האַנדלס־באַגריפֿן — געמוזט
באַצייכענען מיט העברעיִשע נעמען און אַ טייל פֿון זיי זײַנען סאָפּקאָלסאָפּ
אַרײַנגעדרונגען אין זייער אייגענער געברויך־שפּראַך און פֿונדאַנען אין דער
שפּראַך פֿון דער איבעריקער היימישער ייִדישער באַפֿעלקערונג”.
רובשטיין ברענגט אַ צעטל העברעיִזמען, וואָס זײַנען שײַעך צום האַנדל:
צימוקים, בסאָמים, עווענטאָוו, עוועד־קנײַני (דער האַנדל מיט שקלאַפֿן, וואָס
מע פֿלעגט ברענגען פֿון די סלאַווישע לענדער), מאַיִם־שכור (קינסטלעכער
נאָמען פֿאַר קאַווע), מיסכער, רעווועך, העזיק, נעסיִע, באַלאַגאָלע, אַכסאַניע א. א.
אַ צווייטער וועג, מיט וועלכן די סעמיטיזמען זײַנען אַרײַנגעקומען, איז
געווען דאָס „טוירע־לערנען”, דער שטודיום פֿון דער רעליגיעזער ליטעראַטור.
„קעדיי אָפּן געהעריקסטן אויפֿן אויסצונוצן די ייִדישע קהילות פֿאַר די
אינטערעסן פֿון האַנדל, האָט דער אָריִענטאַלישער סוחר נישט בלויז גע־
דאַרפֿט קענען זיך באַנוצן מיט דער ביבל־און־טאַלמוד־שפּראַך אום צוזאַמענ־
צורעדן זיך מיט די אַנדערש־רעדנדיקע ייִדישע קהילות, נאָר ער האָט
אויך געדאַרפֿט זײַן, ווי געהעריק, באַקאַנט מיט דער ייִדישער רעליגיעזער

ליטעראטור, ווײַל וואָס מער לאמדן ער איז געווען, אלץ גרעסער האָט געדאַרפט זײַן די גאסטפרײַנטלעכקײַט און קאבאָלעס־פּאָנעם, אפּ וועלכער ער האָט גע־קענט האָפן מיצאד די פרעמדע אנדערש־רעדנדיקע יידישע קעהילעס. דאָס טוירע־לערנען האָט דעריבער צו יענער צײַט באקומען א רעאלן סאָכרישן ווערט, און מע קען מיט זיכערקײַט באהויפטן, אז דאָס ווערטל „טוירע איז די בעסטע סכוירע", האָט קיינמאָל ניט אזוי אנטשפּראָכן דער ווירקלעכקײַט, ווי גראָד אין יענע אלטע צײַטן פונעם יידישן מיזרעכ־האנדל. דאָס איבערגיין צום וועלט־האנדל האָט פארשטארקט בא די יידן אין גערמאניע דעם אינטערעס צום טוירע־לערנען".

אן אינהאלטרײַכע אָבער איינזײַטיקע שטודיע פון דער פראגע האָט לעצטנס געגעבן נ. שטיף („די יידישע שפּראַכ" נומ. 18—17). ער פארנעמט זיך נאָר מיט דער רעליגיעזער אָפּשטאמונג פון די העברעיזמען (ער גיט איר צו א צו גרויסן ווערט).

„די העברעיִשע עלעמענטן אין יידיש שטאמען פון א רעליגיעז־גײַסטיקער קולטור, וואָס אירע ווארצלען ציען זיך אין טיפן מיטלאלטער, און זיי זײַנען בארופן צו דינען דערהויפּט דערדאָזיקער קולטור אין אירע פארשיידענע אנט־פלעקונגען (עמונע, קולט, מאָראל, דערציִען און לערנען, פאמיליע־לעבן, קאָהאָלשע פירונג א. אז. וו.).

„מע קען דירעקט ווײַזן, וויאזוי דאָס יידישע וואָרט האָט זיך אין אסאך פאלן גערא נגלט מיטן העברעיִשן. נאָכ אין 14, 15 און 16 יאָרהונדערט האָבן יידן אין דײַטשלאנד געהאט און געניצט יידישע ווערטער (פון גער־מאנישן אָפּשטאם) פאר באגריפן און זאכן, וואָס שפּעטער האָט געגאָלטן פאר זיי בלויז אָדער דערהויפּט דאָס העברעיִשע וואָרט. מיר זעען דאָס צו אין די העברעיִש־יידישע ווערטערביכער צו טאנאכ, אין די אלטע יידישע ביבל־איבערזעצונגען.

„א) אבסטראקטע באגריפן:

„אמת (ווארהײַט), בזיון (פארשמעהונג), בטחון (פארזיכערונג), גאוה (האָפאַרטיקײַט), חכמה (קלוגהײַט), חלום (טרוים), חנופה (שמייכלונג), חסד (גענאָד), חשק (גלוסטונג), יושר (דאָס רעכטפארטיקײַט), כבוד (ער), כעס (צאָרן), מורא (פאָרכט), נצחון (איבערזיגונג), נקמה (רעכונג), נשמה (זעל), עולה (אומרעכט), עני (דעמהאפטיקער) א. אז. וו.

„ב) פאר רעאלע זאכן, סוביעקטן א. אז. וו.

„אלמנה (וויטפרוי, וויטווע), בחור (דער יונג), גנב (שטעלער), גר (דער עלענדער), דור (געבורט), זונה (אונשטעטיגערן), חבר (געזעל), חודש (מאָנאט, מאָנד), חזיר (די זוי), חיל (הער), חלב (אונשליט), חתון (זיך באשוועגערן), חתונה (האָכצײַט), ים (דאָס מער), ירושה (ערב), יתום (דער ווײַז), כלה (ברויט), לבנה (דער מאָנד), מבול (פלייצונג), משפחה (געשלעכט), סוחר (קויפמאן), ספר (בוכ), עד (דער געצויג), פנים (אנצליט), שבט (געשלעכט), שכור (טרונקען), שכן (נאכבאר) א. אז. וו.

„ג) אפילע פאר באגריפנ פונעם רעליגיעזנ לעבנ:

„א ר ו ש (פארקנאסנ; אנטשפויזנ), ב כ ו ר (דער ערשטער), ח ג (פֿײַערטאָג), ח מ ץ (דערהויבנ), ח ס י ד (בידערמאנ), ט מ א (אומריינ), י ו ם־ה כ פ ו ר י ם (טאָג דער פארגעבונג), כ ו ה ן (הער, דינער), כ ה ו נ ה (דינסט), מ ז ב ח (אָפּער־שטול), מ י ל ה (באשנײַדונג), מ כ ש פ ה (צויבערנ), מ ל א ך (ענגל), מ ע ש ר (צענטייל), נ ב י א (ווײַזזאָגער), נ ד ה (פערונג), נ ד ר (געלויבניש), צ ד י ק (גע־רעכטער), ק ר ב ן (אָפּער), ר ש ע (דער שולדיקער), ש ב ת (רוונג), ש ו פ ר (האָרנ) א. א. וו."

אינ 16־טנ, אפילע אינ 15־טנ יאָרהונדערט איז שוינ העברעיִש געווענ באקאנט דער פֿאָלקס־מאסע.

„אָבער איינס שטייט פעסט: פ א ר א ל ע ל ד ע ר מ י ט ה א ָט א ו י ך ג ע־ג א ָל ט נ א י נ ד ע ר פֿ א ָל ק ש פ ר א ך ד א ָס י ִד י ש ע ו ו א ָר ט פ א ר ד י־ז ע ל ב ע ב א ג ר י פ נ א ו נ ז א כ נ. ערשט שפּעטער איז דאָס יִדישע וואָרט א ר ו י ס ג ע ש ט ו פ ט ג ע ו ו א ָר נ, גאָר, אָדער צום טייל, ווי ווײַט פאר דעמזעלבנ באגריף האָט מענ אָנגעהויבנ צו נוצנ דערהויפט דאָס העברעיִשע וואָרט. מע קענ אפילע זעענ דעמ פּראָצעס, וויִאזוי דאָס איז פֿאָרגעקומענ, בא וואָסערע אומשטאנדנ, ווער האָט דאָס געטונ. אינ „שמואל־בוך" (א פֿאָעמע אפ דעמ סיוזשעט פונ דער ביבל־כראָניק „שמואל א'" אונ ב', אינ גײַסט פונ דײַטשישער העלדנזאגע, געדרוקט צוערשט אינ אויגסבורג, אינ 1544, אָבער אינ געזאנג אונ אינ מאנוסקריפּטנ באקאנט שוינ אסאך פריִער), אינ „באָווע־בוך" (געשריבנ אינ 1507) איז די צאָל העברעיִשע ווערטער נישטיק ביז גאָר, ווײַל דער „שמואל־בוך" איז, נישט געקוקט אפנ ביבלישנ סיוזשעט, בעעצעמ א ו ו ע ל ט ל ע כ ע פֿאָעמע. געמאכט האָט דאָס נישט קיינ ראָוו, נישט קיינ אָפּיציִעלער לאמדנ; געמאכט האָט דאָס א פ א ָל ק מ ע נ ט ש, מיט א פרײַענ גײַסט, מיט א דיכטערישנ טאלאנט, אזוינער, וואָס האָט זיך באגעגנט אינ שענקענ מיט די דײַטשישע „שפּיל־לײַט", האָט איבערגענומענ בא זיי די דיכטער־קונסט אונ מאניר פונעמ ניבעלונגענ־ליד, פונ דער דיטריך־זאגע א. ד"גל. דער איבערדיכטער פונעמ איטאליענישנ ראָמאנ „באָווע־בוך", אליהו בחור, איז געווענ א געלערנטער, א פ ר ײַ־ג ײַ ס ט.

„אקעגנ דידאָזיקע „נארישע ביכער", אָפּצוזיִענ דעמ פֿאָלקס־מענטשנ פונ אזוינע זינדיקע ווערק, האָבנ ראבאָנימ אונ יערײ־שאָמאיִמס געשאפנ ז י י ע ר פרומע ליטעראטור, קוידעמקאָל די מוסער־ליטעראטור. אפ דעמ „שמואל־בוך" האָבנ זיי אָפּגעענטפערט מיט דעמ „ספר מידות" (איזנע, 1542). דאָס איז א טיפּישער פרומ־יִדישלעכער מוסער־סייפער. אונ דאָ טרעפנ מיר שוינ א ראַ־באָנישע שפראך, מיט ה ע ב ר ע י ִש ע ו ו ע ר ט ע ר א פ ט ר י ט א ו נ ש ר י ט. די שפראך שטימט דאָ מיטנ אינהאלט, מיטנ צוועק.

„דערדאָזיקער שטרײַט צווישנ דעמ פרומ־יִדישלעכנ שפראך־קאנאָנ אונ דער פרײַער פֿאָלקשפראך האָט זיך געצויגנ שפּעטער אויך, אינ 17־טנ, אינ

18־טן יאָרהונדערט. דער ניצאָכן פון דער העברעיִזאַציע האָט באַטײַט דעם ניצאָכן פון רעליגיעז־גײַסטיקע עלעמענטן איבער די פאָלקסטימלעכע אין דער פאָלקס־קולטור".

אפילע נייטראַלע העברעיִשע ווערטער (לויט דער פונקציע נאָך) זײַנען אַרײַן אין דער שפּראַך דורך דער רעליגיעזער פּראַקטיק.

„פאַר „ל ע ו ו אָ נ ע" (לבנה), אשטייגער, האָבן מיר איצט קיין יידיש וואָרט נישט (אמאָל יאָ געווען). מע זאָגט אָבער: ז ו נ, נישט „שמש" אָדער „חמה" (סײַדן אין דער קאָמבינאַציע „לקוי חמה"); ש ט ע ר נ, נישט „כּוכב". דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס די לעוואָנע האָט מען אַלע כוידעש „מעכאַדעש געווען", די לעוואָנע איז אַזוי אַרום אַרײַן אין דער אָפּטער רעליגיעזער פּראַקטיק; האָט זיך צו איר צוגעקלעפּט דער נאָמען פון די רעליגיעזע געבעטן. אַפּ זון און שטערן האָט יידישקײַט נישט געהאַט צו זאָגן, האָבן זיי געקענט בלײַבן בײַ זייערע וואָכעדיקע יידישע נעמען [1]).

„מיט דער רעאַלער וועלט פון זאַכן, טווּנגען א. ד. גל., דערהויפּט מיט דער אַרבעט, קערן זיי זיך ווייניק אָן, כוץ אין א געוויסער מאָס אין האַנדל און געשעפט. אַרײַנגעבראַכט און קולטיווירט די העברעיִשע עלעמענטן אין דער שפּראַך האָבן די עקאָנאָמיש און קולטורעל הערשנדיקע שיכטן: דער מיטל־באַלעבאַטישער קלאַס, דער רײַכער סויכער, קלייקוידעש, לאָמדים. זיי האָבן זיך דערמיט געשאַפן זייער אַריסטאָקראַטישע שפּראַך, אַזויווי די אייבערשטע שיכטן בײַ אַלע פעלקער. מיט זייער עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און קולטורעלער וואָג אין יידישן לעבן, און מיט דער הילף פון דער רעליגיעזער פּראַקטיק (דאַווענען א. א. וו.), פון רעליגיעזער דערציִונג און „לערנען" (טײַטשן כומעש און געמאָרע א. ד. גל. אַפּ יידיש), מיט דער הילף פון דער רעליגיעז־מאָראַלישער ליטעראַטור אַפּ יידיש מיט א געוויסן שפּראַכקאַנאָן (שטאַרק אָנגעזאַפּט מיט העברעיִש),—האָבן דידאָזיקע שיכטן דורכגעזעצט אין דער מאַסע א טייל פון זייער העברעיִשן אינוועטאַר, אַנשטאָט דעם פאָלקס־טימלעכן יידישן וואָרט, אָדער פּאַראַלעל מיט דעם".

בײַ געוויסע שיכטן האָט זיך אויסגעאַרבעט, אַלס שרײַבשפּראַך יעדנפאַלס, אַזאַ שפּראַך:

„ל א ש ת י ה ח ש ו ב ה מ ר ת פ ע ר ל ש ת ח י'.

דײַן מ כ ת ב האָב איך מ ק ב ל געווען. די ט ע נ ה וואָס דו ט ע נ ה'ס ט א ד ו ת קאַרלסבאַד, אַז קאַרלסבאַד איז בעסער פאַר מאַריִענבאַד, האָב איך דיר כ מ ה ו כ מ ה מאָל געזאָגט, אַז קאַרלסבאַד טויג ניט איבער כ מ ה ו כ מ ה ט ע מ ים. ר א ש י ת איז קאַרלסבאַד כ פ י איך פאַרשטיי מיט מײַן ש כ ל ה י ש ר א מ ק ו ם פון ח ל א י ם, קראַנקע מענטשן מיט א מ ת'ע ח ו ל א ת'ע ן, ע ל־פּ י־ר ו ב אַזעלכע, וואָס לײַדן ע ל המאָגן. און דער ש כ ל איז דאָך

[1]) „העברעיִש איז אויך דער „יאַם" און דער „מידבער", וואָרעם דאָ האָט זיך, בײַם קאָנטער־בענטאַלן מיזרעך־יידן, ניט געהאַנדלט וועגן קיינע לעבנסווירקלעכע פאָרשטעלונגען" (מיזעס).

מתחייב, אז דאַרטן קענען ניט זיין קיין חתנים, כי איך בין מ״ער, אז עם המאָגן האָבן צו טון עלטערע מענטשן, ניט קיין בחורים. והשנית, האָב איך גלאט ניט געהערט, אז בקארלסבאד זאָלן געשלאָסן ווערן שידוכים נכבדים, ווי דו זאָגסט. און דער, וואָס האָט דיר געזאָגט, אז לקארלסבאד קומט די גאנצע וועלט, איז אָדער א שקרן אָדער א שוטה״.
(פון וועלוול יאמייקערס בריוו אין שאָלעם־אליי כעמס „זומער־לעבן״).

אָדער:

„לאחי היקר המשכיל מו״ה יחיאל נ״י.

אחר דרישת שלומך הטוב. זיי ויסנ שהזשאנדארמסקע אָפיצער באליצקע איז מיט צוויי גאָראָדאָוואָיענ געקומענ עקסטרא באנאכט און האָט זיך געזוכט בא מיר אינ שטוב וגם בא דער מומע עטל, און ער האָט מיט זיך צוגענומענ את כל הכתבים שלך, וואָס ער האָט געפונענ אינ מיטלסטנ שיפלאָד מהשרייבטיש של אבינו ע״ה, וגם את כל הנאָטנ, שמהם היה מנגן על הכינור האָט ער אויך צוגענומענ, און איך האָב זיך שטארק דערשראָקנ, וגם די מומע עטל האָט זיך שטארק דערשראָקנ און האָט זיך פארשאָלטנ, וואָס זי האָט עס דערלעבט אפ די עלטערע יאָרנ, ועל־כולם זוגתי חיה׳לע ת׳, וואָס איז נעבעכ אזוי אויכ געווג בלאס, כי פונ שרעק איז ניט געבליבנ קיינ טראָפּנ בלוט בא איר אינ פנים. און אפ מאָרגנ גאנצפרי בינ איכ אוועקגעלאָפנ על איזוואָשטשיק אל ש״ב סאניו אל בעלה באום שיינבערג״ (פונ מענאשע ברוידעס בריוו אינ בערגעלסאָנס „די אמאָליקע ברוידעס״, ציטירט לויט „עמעס״ 1929 ‏10/II).

אינ דערזעלביקער שפראכ שרייבנ ראבאָנים זייערע „הוידאָעס״:

„הודעה מהרב דפה.

„מענ איז מודיע לאנשי עירנו דפה, אזוי ווי כנשמע איז דאָ הרבה מקומות דפה, וואָס קומענ זיכ צוזאמענ בחורים, איבערהויפּט בשבת קודש בבוקר בשעת התפלה. אינ יעדער אָרט איז דאָ א בחור, וואָס האָט כמה תלמידים, וואָס ער לערנט זיי, ווי אזוי אראָפּ־צוגיינ מדרך התורה והיהדות, און גיינ אנטקעגנ פראוויטעלסטווע, וואָס דערמיט זיינענ זיי רודף דעמ גאנצנ כלל ישראל און מחלל שם שמים בפרהסיה ה׳ ירחם. דערום איז מענ מודיע, אז עס איז איצט נתיסד געוואָרנ א חברה הנקראה בשם „מחזיקי הדת״, אנשים אשר יראת ה׳ נגע בלבם והרב אבדק״ק בראשם. און די חברה וועלנ ארומגיינ און אכטונג געבנ אינ אלע ערטער, אז מע וועט געפינענ אזעלכע אסיפות, אָדער פארזאמלונגענ פונ בחורים ובתולות, וועט מענ זאיאווענ דעמ זשאנדארמסקנ, גם די בעלי בתים, וואָס עס געפינענ זיכ בא זיי אזעלכע אסיפות, וועלנ האָבנ א גרויסנ אומשטאנד. גם איז מוטל אפ יעדנ מענטשנ, וואָס וויים ווו די אסיפות געפינענ זיכ זאָל מענ קומענ מעלדירנ להרב דפה. להשמע ינעם״. (מעזעריטשער ראָוו כאימ זאק, 1903).

נאָך א בײַשפּיל — פון „פאַרשטעלטער ריידן", פאַר א ניט־ייִדן אין די אויגן, וואָס מע דאַרף ער זאָל ניט פאַרשטיין:

„יהודיבלא! איר דבר'ט אים, אז איר זענט א היגער, נאָר איר זיצט ניט ווײַט סמוך לעיר, און דאָס איז אײַער חמותי, הייסט דאָס די שוויגער אײַערע איז נפטר געוואָרן, זענט איר געקומען אהער זי מקבר זײַן און בשעת איר וועט אים נתנ'ען אין יד ארײַן זאָלט איר אויסקלערן עפּעס א נאָמען פון דער הגדה, און דעם ערל אײַערן וועלן מיר אוועקרופן אין בית ארײַן און מכבד זײַן מיט א צנצנת י"ש, לאָז ער זיך ניט דרייען דאָ פאַר די עינים, וועט זײַן טוב מאד!" (שאָל. אל.).

אַף וויפל מיר איז באַקאַנט, האָט מען דידאָזיקע שפּראַך קיינמאָל ניט גערופן „זשאַרגאָן". דעם נאָמען זשאַרגאָן לאָזט מען פאַר אַן אַנדער געמישטער שפּראַך — דער ייִדיש־רוסישער, וואָס איז ברייט פאַרשפּרייט צווישן די האָרעפּאַשנע מאַסן אין אונדזער לאַנד. אויב ריידן אָביעקטיוו, איז די שפּראַך פון די ראַבאָנישע הוידאָעס און פון די סאָכרישע בריוו פונקט אַזאַ „זשאַרגאָן", ווי די ייִדיש־רוסישע שפּראַך (וואָס כ'וועל באַהאַנדלען אין אַ ווײַטערדיקן אַרטיקל).

און אויב ריידן סוביעקטיוו — זענען מיר אָבער, וועמעס קלאַסנסוביעקטיוויזם עס ווײַזט זיך אַרויס אין אָט־דער פאַרשיידענער באַציִונג צו די צוויי געמישטע שפּראַכן.

אין די ציטירטע בײַשפּילן האָט די העברעיִזירונג פון ייִדיש דערגרייכט איר העכסטן פּונקט. נאָכווייעניש פון אָט־דעם צוטוליען זיך צו העברעיִש טרעפן מיר אין דער שפּראַך בײַ אונדזערע קלאַסיקער (פּערעץ, שאָלעם־אַליכעם). אָבער שוין בײַ מענדעלען הייבט זיך אָן אַ געוויסע רעאַקציע קעגן דער אָנגעוואַקסעקײַט מיט העברעיִש.

דאָס איז צו זען צ. ב. פון י. קוויטניס אויספאָרשונג „העברעיִזמען בײַ מענדעלען" („ייִד. שפּר." נומ. 10; כ'גיב זי דאָ געקירצט), ווו עס זײַנען באַאַרבעט פאַרשיידענע אויסגאַבעס פון „דער קליאַטשע" (I—ערשטע אויסגאַבע, אָדעס 1883, II—צווייטע, אָדעס 1888).

י. קוויטני באַמערקט, אַז מיר „געפינען דאָ געענדערט נישט בלויז אויסדרוקן פון דעם וווילקענעוודיקן ייִדן, פון דעם לערנער, וואָס אין דער פאָלקס־שפּראַך זײַנען זיי נישט פּאָפּולער — געענדערט איז דאָ אַ היפּש ביסל, וואָס איז זייער פּאָפּולער אין פאָלקס מויל. מעגלעך, אַז דידאָזיקע ענדערונגען נעמען זיך בײַ מענדעלען פון קאָנקרעטע סטיליסטישע קאָמבינאַציעס אַף אַן אָרט (אַף אַ באַשטימטן אָרט האָט אים דאָס ייִדישע וואָרט אויסגעוויזן פּאַסיקער), ניט פון קיין פעסטער באַציִונג צו די געהעריקע העברעיִשע אויסדריקן בכלל.

„דערפון נעמט זיך מיסטאַמע, וואָס אַסאַך ענדערונגען זײַנען בײַ מענדעלען נישט פעסט; אין אַנדערע ווערק טרעפן מיר ווידער אַ טייל העברעיִשע אויסדרוקן, וואָס אין דער „קליאַטשע" זײַנען זיי געענדערט (איך האָב אָנגעציילט גאַנצע 12 אַזוינע) און אפילו אין דער „קליאַטשע" גופא קאָנקורירט נאָך אַמאָל דאָס העברעיִשע וואָרט מיטן ייִדישן".

א) העברעיִשע ווערטער אונ אויסדרוקנ, איבערגעזעצט אפ ייִדיש

I

אלפי נעס
אסאָקימ
געטאָנ בישליימעס
זײַנענ אזעלכע זאכנ געווענ בענימצע
שפעטער, בעשאס עס ווערט
געבנ האזשגאָכע
האנהאָגעס
האפטאָכע
טארומעס
טיפע מינ האיאמ
יעסורימ
כידעש
כיישעק
לייסאטע
א פאָר יאָר לעערעכ
מאדרייגע
מאכמעס גרויס פאכעד
מאכריז אונ מוידיִע זײַנ
מאכשאָוועס
מאמצי געוועזנ
מאפטיִעכ זײַנ
מײַמעד
מיקאמע שאָנימ
מעיאשעוו געוועזנ
מעסאדער זײַנ
דאָס איז מעראמעז
זײַנט איר מערוצע?
מעשולאכעסנ
געבליבנ שטיינ ניוול ווענישטוימעמ
אינ אימ זײַנענ ניכלעל
נענע געוועזנ
וויפל די נעסיִע האָט געדויערט
אסאכ
סיידער האָאוילעמ
סימכע
פאכעד

II

דורכ ניסימ
געשעפטנ
געטרײַ
געוויינטלעכ
ווענ
געבנ אכטונג
פירונגענ
וואָרט
פארדראָס
טראָפנ פונ יאמ
לייד
ווונדער
לוסט
דערווײַל
אקעגנ א פאָר יאָר
גראד
פאר גרויס פאכעד
אויסרופנ
געדאנקענ
אויסגעטראכט
צוגעזאָגט
צושטאנד
פונ א לאנגע צײַט מיט יאָרנ
זיכ באטראכט
אויסשטעלנ
אנ אָנצוהערעניש
ווילט איר?
אָנשיקענישנ
פארגאפט
האָט אינ זיכ
גענאָסנ
וויפל די רײַזע האָט געדויערט
זייער פיל
גאנג פונ דער וועלט
פרייד
שרעק

| | |
|---|---|
| צאַד שעקענעגעד | ווידער־פּאַרטיי |
| קאָל האמיטל | אלע מיטל |
| קויעכ | קראפט |
| כאיעס ראָעס | ווילדע כאיעס |
| א שײַלע אביסל | א פרעג אביסל |
| זאָגנ א שעם | א שפּרוכ |

ב) העברעיִשע ווערטער פארביטנ אפ אנדערע העברעיִשע

| I | II |
|---|---|
| איז ער אינ האנדל גאָר קיינ מוצלעכ ניט געווענ | מאזלדיק |
| ארויס פונ דעם אכרײַעס | סאקאָנע |
| נאָר זײַנ גײַסט, זײַנ נעפעש זאָלסטו היטנ | נעשאָמע |

ג) העברעיִזמענ פארטײַטשט פאראלעל אפ ייִדיש

| I | II |
|---|---|
| וואָס קאָל יאָמאָוו איז ער געווענ אינ דער אווידע | וואָס קאָל יאָמאָוו, דאָס גאנצע לעבנ זײַנע איז ער געווענ אינ דער אווידע, געדינט געטרײַ |
| זע האפּערדל, האָלאכ לעמיסע | זע האפּערדל, אָט דאָס פּערדל האָלאכ לעמיסע, האָט א מיסע מעשונע אײַנגענומענ |
| קעיִלו קיאמטעם, גלײַכ ווי איר וואָלט ארויסגעגעבנ דעם כײלעק שייני מעהאטאקסע בעכאָל פּראָטאָוו | קעיִלו קיאמטעם, גלײַכ ווי איר האָט געהאלטנ וואָרט, אונ ארויסגעגעבנ... בעכאָל פּראָטאָוו, מיט אלע פּישטשעווקעס |
| די קליאטשע איז אפּאָנעם מעסו־געל מע זאָל פונ איר זיכ קראצנ, לעכאפּער אל קאָל אווינעסײַנו | ... לעכאפּער אל קאָל אווינויסײַנו, אנ אָפּקומעניש אפ אונדזערע זינד. |
| מע האָט געמאכט א גרויסע ווארע... וויִאזוי מע זאָל די זאכ מארכיק מינ האסײכל זײַנ | וויִאזוי מע זאָל די זאכ פארדרייענ, מארכיק מינ האסייכל זײַנ. |

פאר וועמען בין איך ערשט ברייט
געוועזן מאקרעוו צו זײַן מײַנע
טעג?

ווײַל איך בין דער מענטש, דער
טאכלעס, דער אנטיק פון אלע
באשעפעניש.

ברייט געוועזן זיך אוועקצו־
לייגן, מאקרעוו זײַן מײַנע
טעג.

ווײַל איך בין דער טאכלעס, דער
צימעס, דער אנטיק.

„אין דער גרופע גייען ארײַן דאָסראָוו גאנצע העברעיִשע אויסדרוקן, וואָס מענדעלע וויל זיי ניט ארויסלאָזן אין די ווײַטערדיקע אויסגאבעס אויך, קעדיי ניט צו מינערן דעם פסיכאָלאָגישן עפעקט, ער האלט אָבער, אז מע דארף זיי אויסטײַטשן, באשרײַבן.

### ד) דער העברעיִשער אויסדרוק באשריבן אפ ייִדיש

I

און ארײַנלייגן דרינען קאוואָנעס
און פשאָטים

איינע דוימע, אז עס וועט אָפּ־
לויפן בעשאָלעם
און אומעטום וווהין ער איז גע־
קומען האָט ער קוינע שעם גע־
וועזן
באלד האָב איך געפילט ווי דאָס
כאיעס גייט מיר פּאָשעט אויס.

II

ארײַנלייגן דרינען קנייטשלעך,
אָפּשניצלעך און פשעט־
לעך
ווען אָבער גאָט העלפט, אז
עס וועט אָפּלויפן בעשאָלעם (II).
...האָט מיט אים די וועלט
געקלונגען

געפילט ווי דאָס לעבן עקט
זיך מיר.

### ה) העברעיִזמען געביטן אין עטלעכע וואריאציעס

I

מיט היסלאוועס א געשריי טאָן
ריידן מים היסלאווס
טויזנטער האמצאָעס און טאכבור־
לעס, עס מעגן זײַן אפ וועלכן
אויפן, מיט וועלכער טאכבולע עס
וויל זיך.

II

מיט פײַער ריידן מיט א
ברען
האמצאָעס און האסבאָרעס,
מיט וועלכע מיטל עס וויל זיך.

**העברעיִזמענ, וואָס אינ דער „קליאטשע״ האָט זיי מענ־דעלע געביטנ אונ אינ אייניקע אנדערע ווערק געלאָזט.**

האנהאָגעס, האזשגאָכעס, טארומעס, יעסורימ, כידעש, כיישעק, לייסאטע, מאכשאָווע, מעיאשעוו זײַנ זיכ, מאמצע געווענ, מערוצע, קויעכ״ [1].

נאָכ שטארקער האָט די העברעיִזאציע געמוזט אוועקגיינ מיטנ אופקומ פונ דער ארבעטער־באוועגונג.

„דער היפּשער העברעיִשער אינוווענטאר אינ יִדיש האָט זיכ געקענט האלטנ נאָר באַ דער שוואכער עקאָנאָמישער אונ קולטורעלער דיפערענציִרטקײַט אינ פאָלק, באַ דעמ איבערוואָג פונ די מיטל־אונ קליינבירגערלעכע הענדלעריש־פארמיטלערישע שיכטנ. מיטנ אופקומ פונעמ יִדישנ ארבעטער־קלאס אונ פונ דער יִדישער ארבעטער־באוועגונג פארלירט דער העברעיִשער אינוווענטאר מער אונ מער אינ צאָל אונ אינ וואָג״ (שטיפ).

אינ דער פראָלעטארישער פּאָעזיע, דארפ מענ רעכענענ, זײַנענ די העב־רעיִזמענ פאָרגעשטעלט שוואכער. די פראגע איז נאָכ ניט אויסגעפאָרשט אונ כ׳מוז זיכ דאָ באנוגענענ מיט א ציטאטע פונ א. ר. צווײַגס ארטיקל וועגנ באָוושאָווערס שפראכ („יִדישע שפראכ״ № 23—24):

„דער העברעיִשער עלעמענט פארנעמט א ביז־גאָר קליינעמ אָרט אינ באָוור־שאָווערס ליד. מע דארפ אימ זוכנ. די העברעיִשע פראזע איז דאָ אינגאנצנ ניט צו טרעפנ. האָט באָווּשאָווער געקענט העברעיִש? דאָס וויסנ מיר ניט. גיכער פאר אלצ האָט דער געוועזענער ליבאוויטשער מאסקיל העברעיִש גע־קענט. דאָס ניט באנוצנ דעמ העברעיִשנ עלעמענט קענ מענ דעריבער רעכענענ פאר א באוווּסטזיניקנ דיכטערשנ אקט. באָווּשאָווער האָט מיט דעמ געוואָלט

---

1) אָט איז א פארגלײַכ צווישנ צוויי וואריִאנטנ פונ „סטעמפעניו״ (1888 אונ 1903), וואָס ס׳האָט געמאכט נ. אויסלענדער („די יִדישע שפר.״ № 2 1927).

1888.

כאיעמ־בענציענ איז געווענ א א י ש ת מ ו י ש ר אונ האָט געציטערט פאר א נעקייווע שרעקלעכ...

1903.

כאיעמ־בענציענ איז געווענ א י ִ ד א כ אָ ס י ד אונ האָט געציטערט פאר א נעקייווע שרעקלעכ.

1888.

ביסט א גוטער בעטעווע, א מ ז ג ט ו ב, האָסט א ווייכ הארצ, ביסט א פארשויִנ איינער צווישנ טויזנט...

1903.

ביסט א גוטער בעטעווע, האָסט א ווייכ הארצ, ביסט א פאַרשוינ איינער צווישנ טויזנט.

1888.

אָט אזוי לעבט זיכ אָפּ דאָס גליקלעכע... פאָרפאָלק אונטער זיער באשטענדיקער ש מ י ר ע פונ גוטע פאָטער אונ מוטער.

1903.

אָט אזוי לעבט זיכ דאָס גליקלעכע... פאָרפאָלק אונטער דער באשטענדיקער אָ פּ ע ק ע פונ גוטע פאָטער אונ מוטער.

באפרײַענ זײַנ ליד פונ דער ספעציפישער לעקסישער באפארבונג, וואָס דאָס העברעיִשע וואָרט טראָגט מיט זיכ: דידאָזיקע באפארבונג איז געווענ א הימל־שרײַענדיקע סטירע צום נײַעם גײַסט פונ דער רעוואָליוציאָנער־סאָציִאַליסטישער דיכטונג".

כ׳ ע. פאלקאָוויטש האָט מיר געגעבנ דידאָזיקע ציפערנ. אפ אנערעכ 6 זײַטלעכ קומט אויס:

| | | |
|---|---|---|
| אינ „מאסאָעס בינימינ האשלישי" | 187 | סעמיטיזמענ |
| אינ „מאָטל פייסי דעמ כאזנס" | 53 | „ |
| אינ „נאָכ אלעמענ" | 57 | „ |
| אינ „דאָר-אויס דאָר-אײַנ" | 41 | „ |
| אינ „הרעבליעס" | 20 | „ |

כ׳ כ. לויצקער האָט דורכגעפירט א שטודיע פונ דער דינאמיק פונ סעמיטיזמענ בא ליטוואקאָווּנ (לויט „אינ אומרו" I אונ II באנד אונ ארטיקלענ אינ „עמעס"). אָט זײַנענ די רעזולטאטנ:

| יאָרנ | אינ פראָצענטנ צו דער גאנצער צאָל העברעיִזמענ: פראזעאָלאָגישע אויסדרוקנ (פסוקימ, ציטאטעס) | „הארבע" העברעיִזמענ | געוויינלעכע העברעיִזמענ | צאָל העברעיִזמענ אפ 1000 אויסיעס טעקסט |
|---|---|---|---|---|
| 1906—07 | 16 | 24 | 60 | 7 |
| 1910—17 | 11 | 24 | 65 | 8,5 |
| 1918—19 | 7 | 23 | 70 | 6 |
| 1923—24 | 6 | 28 | 66 | 3,5 |
| 1926 | 12 | 37 | 51 | 4 |
| 1928 | 2 | 27 | 71 | 2 |

מיר זעענ דאָ, בעערעכ, (כוּצ 1926 יאָר) א קעסיידערדיקע פארקלענערונג פונ דער צאָל העברעיִזמענ אינ טעקסט (לעצטע רובריקע) אונ אנ ענדערונג אינ דער ראָליע פונ פארשיידענע העברעיִזמענ: פסוקימ אונ הארבע העברעיִזמענ ווערנ ווייניקער, איינפאכע ווערנ (פארהעלטענישמעסיק) מער. (דאָכ איז נאָכ הײַנט אויכ בא מ. ליטוואקאָווּנ אסאכ העברעיִזמענ — ווי ס׳וועלנ ווײַזנ די ווײַטערדיקע בײַשפּילנ).

די קרומליניע פונ אופשטײַג אונ פאלונג פונעמ העברעיִשנ עלעמענט אינ יידיש שפּיגלט אָפּ ניט סטאמ א כראָנאָלאָגישע באוועגונג, ניט עפּעס א אימאַנענטנ (פונ אינעווייניק) פּראָגרעס פונ דער שפּראַכ; זי שפּיגלט אָפּ די באוועגונג אינ די סאָציִאַלע קויכעס־פארהעלטענישנ, די קלאסנ־דינאמיק.

די שפּראַכ איז שטענדיק געווענ סאָציִאַל דיפערענצירט. אפילע בא דער פולער הערשאפט פונ העברעיִזמענ אינ דער „אָפיציִעלער" קולטור־שפּראַכ האָט די מאסע אסאכ העברעיִזמענ ניט באנוצט.

„די קלאסנ־דיפערענציִאציע האָט זיכ דאָ ארויסגעוויזנ סײַ אינ דעמ פאקטישנ העברעיִשנ ווערטערבוכ אינ מויל בא פארשיידענע שיכטנ, סײַ אינ דעמ

אָפּקלײַב פֿון געוויסע העברעיִשע ווערטער און אויסדרוקן פֿאַר געוויסע צוועקן, סײַ אין די פֿאָרמעס. דער מאסן־מענטש האָט געהאט אין מויל דעם קלענסטן העברעיִשן ווערטערבוך, האָט ניט איבערגענומען דערהויפּט דאָס ווײַט־אבסט־ראקטע, האָט געמאכט געוויסע אייגענע פֿאָלקסטימלעכע נײַשאפֿונגען, האָט אין א גרויסן טייל פֿאַריִדישט דאָס העברעיִשע וואָרט דורך יִדישע און סלאווישע סופֿיקסן א. א. וו." (שטיף).

די קרומליניע פֿון דער העברעיִזירונג און דעהעברעיִזירונג פֿון יִדיש ווײַזט זיך קלאָר ארויס אין וואָרטבילדונג אין אייניקע נאָענטע פֿאָרמעס.

אביסל ניט־העברעיִשע סובסטאנטיוון האָט זיך אמאָל געהאט אסימילירט מיט די העברעיִשע לויט מערצאָל־בילדונג, ד. ה. זיי האָבן אָנגענומען די העברעיִשע מערצאָל־פֿאָרמעס (פּאראלעל מיט דער יִדישער פֿאָרמע אָדער אפֿילע אלס אײנציקע פֿאָרמע):

אדרעס — אדרייסים (ש. א.); גילדן — גילדוינים (בעסמעדרעש־שפּראך); דאָקטער — דאָקטוירים; וונדער — וונדירים, וונדערים (ש. א.); מאנצבל — מאנצבילים, מאנצביילים (מ); מערדער — מערדיירים (מ); נאר — נאראָנים, נאראָים (מ); סטאָרעוש — סטאָרייזשים (מ); פּויער — פּויערים (כ'האָב געהערט די פֿאָרמע מיטן אקצענט אפֿן ע, אָפּטער אָבער אפֿן ערשטן טראָף); פֿאקטער — פֿאקטוירים (אבר., ש. א.); קארב — קארבוינים (בעסמעדרעש־שפּראך); שאָדן — שאָדוינעס (מ).

הײַנט באנוצט מען אזעלכע פֿאָרמעס אלץ ווייניקער און ווייניקער, באַזונדערס אין דער ליטעראַרישער שפּראך. זיי פֿארוואלגערן זיך ערגעץ אָדער אלס פּראָווינציִאליזמען, אָדער אלס איראָניזמען:

אזעלכע אײדעלע מיסטוירים (אווע, ע 25),

געמיינט: מיסטערס.

אויך בא העברעיִשע ווערטער שטארבן די העברעיִשע מערצאָל־פֿאָרמעס.

עס קומט שוין זעלטן פֿאָר:

טאַלייסים־קטאנים (ש. א.), שאָעס (דינעזאָן)

מיר טרעפֿן:

רעגעס, מישפּעטן, שעטעכן א. א.

אין קינדערשער שפּראך טרעפֿן מיר:

כיידערס, סוינעס

מע שרײַבט נאָך:

אין די מאסן — דאָס בלײַבט דער איקער פֿון אלע א י ק ר י ם (אָ 28)

אָבער אויך:

זיך רעכענען מיט די א י ק ע ר ס פֿון דער סאָוועטישער דערציִונג (ראטנבילדונג 4 № 1930).

די אויסטערלישע באציִונג „צאד—צדאָדים" ווערט אויסגעגלײַכט אזוי: צאד—צאדן (מ), אָדער: צדאָד — צדאָדים (מ).

אויך אזעלכע העברעיִש־יִדישע צונויפֿשמעלצונגען ווי: „מיפּאָיעזד לעפּאָיעזד", „זי באדארף זײַן ניט קיין שלעכטע בענאטור" (וואָס איז נאָך געווען בא שאָלעם־אליײכעמען), שטארבן גיך אָפּ. הײַנט קען מען אזא אויסדרוק באנוצן נאָר איראָניש, אי דאָס גיכער אין אויסלאנד, (ווי „מיפּרײַטיק ליפּרײַטיק" אין איינעם א ציִעניסטישן זשורנאל) איידער בא אונדז.

עס שטאַרבן גריינג אָפּ אַזעלכע פאָרמעס, ווי באַל-האַפּענסיע (ש. א.).

צו די ווערבן פונעם טיפּ „גויווער זיין" קען מען ניט בילדן קיין פּאסיוו-פאָרמע. און אַזוי ווי אין געוויסע פאַלן מוז מען האָבן אַ פּאסיווע פאָרמע, בילדעט מען זי אַמאָל אָפּ אַזאַ אויפן, וואָס ווייזט אָפּ אַ געוויסער דעהעברעיִזירונג, פאַרגעסונג פון העברעיִשן באַטייט:

עס מוז לעסאָפּ גויווער ווערן דער קינסטלערישער אַסקעטיזם (גורשטיין).

נאָר האָט דער נעס ניט דערלעבט איינגאַנצן מעגאַלע צו ווערן (קאַמ. פּאַנ. 22).

עס זאָלן וואָס גיכער מעוואַטל ווערן די באַזונדערע רעכט פאַר די אויסלענדער (ש. 25).

נאָר אין פּאָעטיק איז קיין העברעיִזאַציע, ווייזט אויס, קימאַט ניט געווען אָדער געווען זייער שוואַך. מעטיילע איז דאָ ניט שייַך קיין דעהעברעיִזאַציע. מע קען עפּשער אויפבויען אַ היפּאָטעזע, אַז אין די קלאַנגען פון דער שפּראַך איז שווערער, אַז די מינדערהייט זאָל ווירקן אָפּ דער מערהייט, איידער אין די ווערטער און פאָרמעס.

די פאָרשאָרפונג פונעם קלאַסנקאַמף איז צווייזייטיק. דער פּראָלעטאַריאַט ווערט באַוווּסטזיניקער און קעמפערישער — אָבער דער פייַנט נעמט אויך פאַרביסענער פאַרטיידיקן זיינע פּאָזיציעס. איינצייטיק מיט דער דעהעברעיִזאַציע (וואָס קען באַטראַכט ווערן אַלס פּראָלעטאַריזאַציע אין איינעם פון די שפּראַך־געביטן) הייבט זיך אַ כוואַליע פון פאַרהעברעיִזירונג. אָט זאָגן איידעס ספּיוואַק און יעהויעש, די אויטאָרס פון אַ ווערטערבוך פון העברעיִזמען (געשריבן אין 1911 יאָר):

„דער יעניקער, וועלכער נעמט זיך די טירחע צו פאַרגלייכן דאָס געשריבענע און געשפּראָכענע יידיש פון 25 יאָר צוריק מיט דעם הייַנטיקן, וועט געפינען, אַז מיט דעם שטורמישן גאַנג פון דער יידישער געשיכטע פאַר דער צייט און מיט דער הויבונג פון דער נאַציאָנאַלער שטימונג צווישן זיי האָט דער געברויך פון העברעיִשע ווערטער, פראַזעס, אויסדרוקן א. אז. וו. זיך אומגעהייער פאַרמערט. אויב די עוואָליוציע פון דעם יידנס זעלבסטבאַוווּסטזיין און זעלבסטרעספּעקט וועט ווייטער אַזוי גיין ווי אין דעם לעצטן פערטל יאָר־הונדערט וועט וואַרשיינלעך די צאָל פון העברעיִשן ווערטער־געברויך בא יידן זיך נאָך פאַרגרעסערן".

דער העברעיִסט טאַוויאָװ האָט אַמאָל פאָרגעלייגט [1]) אייַנפירן אין יידיש העברעיִשע ווערטער אַנשטאָט דייטשישע אָדער אינטערנאַציאָנאַלע, צ. ב. התפּתּחות (היספּאַטכוס) אַנשט. „אַנטוויקלונג", השתלשלות (הישטאַלשעלוס) אַנשט. „עוואָליוציע", אַנשט. „יעשיווע־באָכער" זאָגן „באָכער־האַיעשיווע" אָדער „באָכער שעל יעשיווע" און אַזוי אַרום פאַרהעברעיִזירן יידיש, ביז מע וועט ביסלעכווייַז אָנהייבן רעדן העברעיִש. ער איז אַנטציקט געווען פונעם „צענע־רענע": „דער נעבעכדיקער בוך „צענע־רענע" האָט מיטגעהאָלפן דער אויפלע־בונג פון העברעיִש אינעם מויל פונעם גאַנצן פאָלק פיל מער פון אַלע גרופּעס „העברעיִש־ריידער" און פון אַלע כיידער־מעסוקנס".

אי ספּיוואַק־יעהויעש מיט זייער פּאָרויסזאָגונג אי טאַוויאָװ מיט זיין אייצע האָבן צוגעטראָפן. עמעס, זיי האָבן דערביי געהאַט אַ „ווייטן קוק". נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, וואָס האָט דורכגעפירט אַפן ערדקויל אַ שאַרפן סאָציִאַל־

1) הזמן, ווילנע 1905. טביוב—היסודות העברים בזרגון.

פּאָליטישן און אידעאָלאָגישן גרענעץ צווישן $^1/_6$ און $^5/_6$, — האָבן ספּיוואַק־יעהויעש און טאַוויאָוו געפונען זייער „טיקן“ (אויף יענער זייט גרענעץ פּאַרשטייט־זיך). אָט איז די יידישע ליטעראַרישע שפּראַך פונעם מאָדערנעם אויסלאַנד:

„פירן ווייטער א מלחמת־מצוה, ביז דער סאָציאַלער גן עדן וועט פאַרווירקלעכט ווערן.

„די געבוירענע רוסן זיינען גרייט צו זיין מסתפקים במועט.

„...די מליצה'דיקע שטאָלצ'עניוות'דיקע באשרייבונג פונעם ספר און פונעם מחבר מיט זיין שלשלת היוחסין.

„ער זאמלט צונויף אייגדרוקן, דברי־תורה, השתפכות הנפש'ן און התלהבות־געפילן פון טויזנטער יאָרן, ווען מע האָט נאָך ניט געהאט קיין פאַרטיקע אויסדרוק־נוסחאָות.

„עס איז בלי ספק אן ארבעט לדורות“.

דאָס זיינען ביישפּילן פון „היינט“. אָט איז פון אנדערע אזעלכע צייטונגען און זשורנאַלן:

„מפי השמועה איז פאָרגעקומען.

„מחוץ פּראָסקוראָוו און זשיטאָמיר...

„כידוע, איז דער רוסישער צאַריזם...

„קומען פריי אין פּעטערבורג, וועלכן מען האָט משנה השם געווען...

„א התחלה פון א נייער אנטוויקלונג.

„וועלכער איז נאָך עד עתה...

„צום שבח פון פּ. פּ. ס. מוז מען זאָגן...

„ס'זיינען אָנגעקומען אסאך אנדערע הויכע שררות.

„צאתך לשלום־באנקעט.

„זיינען שולדיק אין דעם אנדערע גורמים.

„פון 1 יאַנוואַר ביז 24 מערץ 1927 זיינען די שיכותדיקע ציפערן געווען: 2248 ביז 781. (דאָס דאַרף הייסן: אנטשפּרעכיקע).

„די אקציע פון זלמן רייזען... איז דורכגעפירט געוואָרן מיט הצלחה“.

אָט איז אן ארטיקל מיט א כאראַקטעריסטישן אויסלענדישן סטיל (אגעוו — אפ א שפּראַך־טעמע):

„אין זיין ארטיקל „נייַ־יידיש“ פּרוּווט ה. ז. קלמנאָוויטש מיט גוטן און מיט בייזן אויספועלן בא אונדזערע שרייבערס א האָר דרך־ארץ און, וויניקסטנס, רחמנות פארן איידלסטן און ציטעריקסטן אינסטרומענט — שפּראַך.

„געוועגדט האָט ער זיך דאָס מאָל דער עיקר צו די מיטארבעטער פון די „ליט. בלעטער“ אליין בכבוד־ובעצמם, וועמעס צעטל חטאים בלויז אויבנאויפיק איז גאנץ גרויס קוואַליטאַטיוו (דאָס איז דווקא נאָך ערגער). דערפון קען מען שוין לייכט ארויסדרינגען, וואָס פאר אן אוצר מ'וואָלט געקענט אָנשארן בא א ביסעלע מער פלייס ערגעץ אנדערש...

„אוודאי וואָלט שוין געווען די העכסטע צײַט. מילא ווער־ווער, נאָר די „בלעטער״ כאָטש זאָלן נישט „פּאָרטזעצן״ מער אזא לשון: עוקר זײַן מן השורש! איז דאָך דאָס ווייטאָגלעכע אָרט אָנגערירט געוואָרן באלד מתחילת דאָ, און בכלל די „בלעטער״ — לכשעצמו: דאָס איז דאָך עפּעס מחייב!

„זאָל כאָטש די בראַנד נישט גײַן ווײַטער.

„וואָס ס'וואָלט גאָר געווען געווונטשן: אויב ח' קלמנאָוויטש האָט שוין יאָ גענומען אפּ זיך בגעוואלד די טרחה פון מלמדות, — מיט בפירושע אָנווײַזן און פּשט־לערנען, — וואָלט געווען א באמת גלײַכע און אָנגעלייגטע זאַך, ווען ער דערפירט עס צי אן עקסטרע ווערקל.

„ווי שטייט דאָרטן — „קריינא דאיגרתא״...

„דעמאָלט, ווען מיר האָבן א צוטריטלעכן האנטביכל פאַר יעדערן, צונויפגענומען ווי ווײַט מעגלעך די גאַנצע חרפה אונדזערע אפּ איין אָרט, וועט עס באַשטימט עושה־רושם זײַן. באַזונדערס וועט זײַן די מעלה, וואָס א סך ווערן נכשל אומזיסט־אומנישט, נאָכשרײַבנדיק די אַלע פאַרדראָסלעכקײַטן „די בערן״ („ליט. בלעט״ 71 № 1925).

עס איז שווער אונדזערן א לייענער אופנעמען אזא אַרטיקל ניט אַלס אָפּלאַכערישן. אָבער איך פאַרזיכער אײַך, כ״כ לייענערס, אז יענער מיינט עס ערנסט.

א שפּאָגל-נײַעם בײַשפּיל פון דערדאָזיקער העברעיִש-יִידישער שפּראַך ציטירט ש. ד. [ש. דאָבין] אין דער „יִידישער שפּראַך״ 27—21 №

## „געשיכטע״.

איך לייען געשיכטע, — די געשיכטע פון ליטעראַטור בא יִדן״ [1]). איך לאָז דורך דעם אַרײַנפיר, הייב אָן פונעם ערשטן קאַפּיטל און לייען די ערשטע זײַטלעך. איז אָט:

אפן צווייטן זײַטל פונעם ערשטן קאַפּיטל לייען איך:

„די אַראַבער האָבן ניט נאָר אויסגעלייזט די יִדן מעבדות לחרות*), נאָר אויך זיי משפּיע געווען ליכט און וויסן״.

„אין מעשעך פון עטלעכע דורות זײַנען די... שפּאַנישע יִדן געוואָרן די וויכטיקסטע טרעגער פון... קולטור, און דאָס האָבן זיי געהאַט צו פאַרדאַנקען זייערע באַפרײַער און מורי־דרך, די אַראַבער״.

„זייער (די אַראַבישע — ש. ד) קולטור איז געווען איינהײַטלעך, מעור אחד״.

„א גאַנצע וועלט מיט נײַע מושגים.. האָט זי (אַראַבישע שפּראַך — ש. ד.) באַדאַרפט אַרומנעמען״.

אפן דריטן זײַטל:

---

[1]) ד״ר יִסראָעל צינבערג. די געשיכטע פון דער ליטעראַטור בא יִדן, אייראָפּעיִשע טקופע״. ערשטער באַנד, מיטלאַלטער; ווילנע 1929.

*) קעדיי אויסצוטיילן ספּעציעל די מענגע העברעיִשע ווערטער און אויסדרוקן, וואָס אין סאָוועטישן יִדיש (צומטייל, נישט נאָר אין סאָוועטישן) זײַנען זיי שוין פאַרמעד (און דאָס איז דער צוועק פון דער באַניץ!), דרוקן מיר זיי דאָ מיטן אַלטן, העברעיִשן אויסלייג. (רעד. פון „יִדישער שפּראַך״).

„פאר זיי (פאר די ייִדן — ש. ד.) זײַנען ראָב די אראַבער געווען די עמעסע גואלים"

„אונטער דער ממשלה פון די... קאליפן האָבן זיך פארבונדן צוויי קרויווישע קולטורן.. איינע האָט משפיע געווען אף דער אנדערער".

„מ'קען דאָ ניט רעדן וועגן אסימיליאציע, וועגן התבטלות, נאָר וועגן... גײַסטיקער השפעה"

„ייִדן האָבן זיך מתקנא געווען און האָבן זיך געפּלײַסט צו ברענגען צו אזא הויכן מצב אויך זייער הייליקע שפראך".

אפּן פערטן זײַטל:

„האָבן זיך די ייִדן מתקנא געװען און ס'איז בא זיי נולד געוואָרן דער ווונטש צו פּרוּוון שאפן אויך אף דער שפּראך פון תנ"ך..."

„נאָך בימי בית שני האָט דער... רעליגיִעזער קולט שוין מער זיך ניט באַנוגנט בלויז מיטן בית־המקדש און מזבח אליין".

„כוץ דעם בית־המקדש האָבן שוין אָנגעהויבן שפּילן א ראָלע פּאָשעטע בתי תפילה. אכוץ קרבנות — אויך דרשות און תפילות".

„פון דעם דערקלערן די תורה זײַנען ביסלעכווײַז נולד געוואָרן גאנצע דרשות פול מיט מוסר און דרך־ארץ, אזוינע דרשות פלעגן די לערער און מדריכים פון פאָלק האלטן שאַבעס און ימים־טובים אין די בתי־כנסיות און בתי־מדרשים".

„קימאט אלע בעלי־המשנה און בעלי־התלמוד זײַנען אויך געווען בעלי־דרשנים"

אפּן פינפטן זײַטל:

„די נאציאָנאלע אגדות... האָבן נאָר זייער הלבשה געענדערט; דער בעל־דרשן איז אין פייטן מגולגל געוואָרן".

„נאָר די פאָרם, דער לבוש איז נשתנה געוואָרן".

„די ערשטע ייִדישע פיוטים, ד. ה. תפילות בדרך שיר... זײַנען פארפאסט געוואָרן אין 7-טן יאָרהונדערט".

„פארשפרייט... זײַנען בכל תפוצות ישראל הקלירס פיוטים".

גענוג!

דער אינהאלט איז געשיכטע. די שפּראך, דער „לעוויש" פונעם „טויכן" איז אויך צומאָל א שטיק געשיכטע.

וועגן דעם, אז די העברעיִזמען ווערן קינסטלעך אײַנגעפירט אין דער ליטעראַרישער שפּראך אין אויסלאנד, זאָגט איידעס א היימישער מענטש — א מיטארבעטער פון די „ליטעראַרישע בלעטער". א. אלמי האָט זיך צעווערטלט („ליט. בלעטער" 1925, 9/X) מיט ז. קאלמאנאָוויטשן, וואָס וויל שטארק רייניקן די שפּראך און ארויסוואַרפן פון איר אסאך דײַטשישע ווערטער, ווײַל דאָס פאָלק באַנוצט זיי נישט. זאָגט דערווײַל אלמי אויס פון כיידער:

„נאָר אויב אזוי שטארק אינזינען האָבן, אז „דאָס פאָלק זאָגט נישט" און „דאָס פאָלק פארשטייט נישט", איז זאָגט מיר, איך בעט אײַך, וועלכער ייִד זאָגט „תוכן" אָדער „המשך"? וועלכער ייִד געברויכט אָט־די אלע העברעיִזמען, וואָס זײַנען אין די לעצטע פאָר יאָר בא די אויערן ארײַנגעשלעפּט געוואָרן אין ייִדיש?"

די פעסטונג פון מאָדערנעם ייִדישיזם, דער ייִדישער וויסנשאפטלעכער אינסטיטוט" (ייִוואָ), פירט דורך אין דער שפּראך א קלאָרע העברעיִזירנדיקע טענדענץ. אָט ווי עס איליוסטרירט עס כ' וואָלאָברינסקי [1]) מיט מאטעריאַלן פונעם באריכט פון דער ייִוואָ־קאָנפערענץ:

[1]) ז. זײַן ארטיקל אין דער זאמלונג „פאשיזירטער ייִדישיזם און זײַן וויסנשאפט", מינסק 1930

„עס זײַנען געווען אַמאָל העברעיִסטן, וואָס האָבן געטײַנעט, אַז אויב ייִדיש איז שוין אַ קלאָג, אַפּ וועלכן מע מוז אײַנגײן, דאַרף מען לעכאָל־אַפּאָכעס פֿאַרוואַנדלען אים אין אַ דיִאַלעקט פֿון העברעיִש, אַזויווי אַשטײגער אַראַמיש. טאַוויאָוו האָט געטרוימט וועגן העברעיִזירן ייִדיש. און אַפּ דעם וועג זײַנען אַוועק די טוער פֿון ייִוואָ. מיר האַלטן דידאָזיקע בוילעטע טענדענצן פֿון העברעיִזירן ייִדיש ניט פֿאַר אַ צופֿעליקער דערשײַנונג און פֿאַר אַן אײנ־פֿאַכער געשמאַק־זאַך. מיר שאַצן דאָס אָפּ, ווי אַן אָפּשפּיגלונג פֿון קלאַסנקאַמף אַפֿן געביט פֿון שפּראַך. דאָס העברעיִזירן ייִדיש איז פֿאַר אונדז אַן איבעריקער באַווײַז וועגן דער קאָנסאָלידאַציע פֿון דער ייִדישער בורזשואַזיע אין אַלע אירע שאַטירונגען אונטער דער פֿאָן פֿון ציִעניזם. דאָס איז פֿאַר אונדז אַן איבעריקער באַווײַז, אַז אויך די שפּראַך־קולטור, וואָס ווערט געשאַפֿן דורכן ייִוואָ, איז דורכויס אַ בורזשואַזע קולטור, אַ קלאַסנ־פֿײַנטלעכע צום פּראָלעטאַריאַט.

„און איצט אַ שטיקל רעשימע פֿון די ווערטער, וואָס ווײַזן, וויִאַזוי דער ייִדיש פֿון ייִוואָ ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ סובהעברעיִש.

„אָנשטאָט צו שרײַבן אַפֿן „גאַנצן ערד־קויל" ווערט געשריבן „אַפֿן גאַנצן כּדור הארץ" (ז. 12). געשיכטלעכע נויטווענדיקײַט הייסט אַפֿן ייִוואָ־ייִדיש „געשיכטלעכער הכרח" (ז. 19).

„הויכגעשעצטע געסט, כאָשעווע אַסיפֿע" (ז. 13).

„פֿאַרבעסערן אונדזער ווירטשאַפֿטלעכן מײַמעד" (ז. 19).

„ביפֿראָטיעסדיקן פּראָיעקט" (ז. 33).

„שײַכעסדיקע פּונקטן" (ז. 33).

„דער באַשטאַנד פֿון דער האַנהאָגע" (ז. 31).

„די ייִדן בימיי וויטאָווט" (45).

„הייכל פֿון וויסנשאַפֿט" (ז. 61).

„ווירקלעכע מיטגלידער פֿון דער סעקציע, פּאָסקים איבער אײגענער און פֿרעמדער וויסנשאַפֿטלעכער אַרבעט" (ז. 33).

„דעם שטאָלצן מייליץ פֿון דער ייִדישער שפּראַך אין מײַרעוו־אײראָפּע (ז. 16).

„אָנצונעמען אַ האַכלאָטע" (ז. 88).

„דאָס איז בלויז אַ נישטיקער טייל פֿון דעם, וואָס מע האָט געקענט ברענגען, און שוין פֿון דאָס ביסל גיט אַ שמעק מיט רייעכ פֿון מעגילע (בימיי וויטאָווט), מיט קלויז (אַסיפֿע, הייכל און פּאָסקים), מיט שטאַדלאָנעס (שטאָלצער מייליץ — צי קען, אַגעוו, אַ מייליץ זײַן אַ שטאָלצער?) א. א. וו.

„דער סטיל, וואָס איז געשאַפֿן אין ייִוואָ און אַרום ייִוואָ, רעדט זייער פֿיל. נעמט, צום בײַשפּיל, די ווינטשעוואַניעס צום אינסטיטוט, לייענען מיר: „איר זאָלט אויסגעפֿינען דעם דערעכ האיאָשאָר" (ז. 129). אָדער שוין גאָר אַ ריין מעדרעשדיקן פּשעטל (פֿאָלקס־קולטור!) „פֿון גוטן „בראשית" זאָלן מיר באַקומען אַ גליקלעכן „וזאת הברכה".

„א געוויסער פּעטשעניק שרײַבט: „א י מ י ר צ ע ש ע ם אַף כ א נ ו ק א ס־ ה א ב א י ס וועל איך מיך שוין געוויס זיכער מיט אײַך מיטפּרייען. זאָל זײַן געבענטשט אײַער גרויסע ארבעט. אָ מ י י ן״. (138).

אַף דער באַגריסונג פון דער רעדאקציע „אונדזער גײַסט״ אין זאמאָשטש שרײַבט זיך אונטער דער רעדאקטער: ישראל דוב הכהן פירשטמאַן. (ז. 135). אלזאָ, זאָלן אלע וויסן זײַן, אז יענער ייִסראָעל־בער אָדער ייִסראָעל־דויוו איז ניט אבי ווער, נאָר טאקע א מיטגליד פון דעם „ערשטן שטאנד״, א גאנצער קויהען.

„מע קען זאָגן, וואָס איז דער ייִוואָ שולדיק, וואָס אײנער שרײַבט „דערעכ־האיאָשער״, א צווייטער — „אימירצעשעם״ און „אָמיין״, און אַ דריטער טיטולירט זיך אלס קויהען? יע, דאָס זײַנען ציטאטעס פון די בריוו, וואָס מע האָט געשריבן צו דער קאָנפערענץ פון ייִוואָ, אָבער דעם טאָן שאפט דאָך דער ייִוואָ אליין. מע ווענדעט זיך צו אים מיט ז ײַ ן שפּראך, וועלכע ער צערטלט און קולטיווירט. אגעוו, דעם דערעכ־האיאָשאָר און דעם פּשעטל פון מעדרעש האָט געשריבן ד״ר ברוצקוס, אײנער פון די פירער (מאנהיגים) פון ייִוואָ.

„עס זײַנען אויך כאראקטעריסטיש אזעלכע אויסדריקן אין א ייִדישן קאָנ־טעקסט, געשיקט אין א באַגריסונג צום טעמפּל פון ייִדישיזם, ווי א „בנין עדי עד חזק ואמץ״. קלויזנער און טאוויאָוו האָבן אויסגעפירט. דער ייִדיש אין ייִוואָ איז טאקע געוואָרן א שטיקל אראמיש. אונדז בלײַבט נאָר איבער צו ווארטן, אז די וויסנשאפטלעכע קאָרעספּאָנדענצן פון ייִוואָ זאָל זיך אָנהייבן מיט „אחדש״ה״ — דער טראדיציאָנעלער אָנהייב פון ראבאָנישע בריוו...

„ווען וואָס רעדט דאָסדאָזיקע פארטאנאכעוועט און מעדרעשיזירן פון ייִדיש? דאָס שפּיגלט אָפּ אין אן אנדער פאָרמע, אין דער פאָרמע פון שפּראכ־לעכער קולטור דעם „זיוועג״ פון דעם ייִדישיזם, ציִעניזם און קלעריקאליזם״.

בא אונדז אין סאָוועטנפארבאנד האָט זיך אין קעגנזאץ צו אויסלאנד פארשטארקט די דעהעברעיִזאציע. אָט וואָס עס האָט געוויזן די דערלערנונג פון דער שפּראך פון דער סאָוועטישער ייִדישער פּרעסע (אין קיִעווער וויסנש. אינסטיטוט):

„זייער א וויכטיקער פּראָצעס קומט פאָר אין דער סאָוועטישער ייִדישער פּרעסע מיט די העברעיִשע ייִדישע עלעמענטן. דאָס איז די ד ע ה ע ב ר ע יִ ־ ז א צ י ע, — די פארמינערונג פונעם אלטן העברעיִשן שפּראך־פארמאָג אין דער שפּראך. צוזאמען מיטן אָפּשטארבן פון אלטן לעבנשטייגער (אין גרעסטן טייל — א פארמיטלעריש־הענדלערישער מיט א רעליגיִעז־גײַסטיקער אידעאָלאָגיע) שטארבן אויך אָפּ די העברעיִשע ווערטער, וואָס האָבן געדינט דעמדאָזיקן שטייגער״.

ווען מיר וואָלטן געקומען נאָך צו דעם אויספיר, אז אין אויסלאנד פאר־שטארקט זיך די רעאקציע און בא אונדז זיגט די רעוואָליוציע — וואָלט דער גאנצער ארטיקל מײַנער (אין אזא קאָנטעקסט ווי דערדאָזיקער בוך) געווען איבעריק. די מײַסע איז אָבער, וואָס דער אויספיר איז ניט קיין פולער און

מעמײלע ניט קײן פינקטלעכער. די שפּראַך־רעוואָליוציע זיגט און איר ענדגילטיקער זיג איז געזיכערט. אָבער די שפּראַך־רעוואָליוציע גײט בײַ אונדז צו לאַנגזאַם. אין צװײטן און אין דריטן קאַפּיטל װעל איך באַשטעטיקן מיט בײַשפּילן, אַז —

עס געפינען זיך סאָװעטישע, עס געפינען זיך קאָמוניסטישע שרײַבער, װאָס קאָנסערװירן דעם אַלטן העברעיִשן אוצר, װאָס זוכן אויס אַפילע נײַע העברעיִזמען פאַר ייִדיש. פאַראַן בײַ אונדז פּובליציסטן, װאָס רײדנדיק פּונקט דעם היפּעך פון די אויסלענדישע ייִדישיסטן (אַזוי דאַרף זײַן!), — רײדן זײ אָבער אויף דערזעלביקער שפּראַך װאָס יענע (אַזוי דאַרף ניט זײַן!). פאַראַן בײַ אונדז צײַטונג־מענטשן, װאָס נעמען אויף זיך גאָטס מיסיע — „שטראָפן דעם אַמהאָרעץ״ [1]). און אָט װאָס מע שרײַבט װעגן אונדז אויף יענער זײַט גרענעץ:

„די פּאָרטויִזנטיאָריקע העברעיִשע קולטור און איר ליטעראַטור האָט געהאַט און האָט נאָך ביז אויף הײַנטיקן טאָג אַ השפּעה אויף אונדזער נײַער ייִדישער קולטור... און די דאָזיקע השפּעה האָט זיך נאָך ניט איבערגעריסן; זי דויערט נאָך, עמעס, שטאַרק אָפּגעשװאַכט, ביז אויף הײַנטיקן טאָג, אַפילע שוין בײַ דער נאַטוראַליזירטער אָרטאָגראַפיע [2]) — איז דאָך גראָד אין די ביכער, װאָס קומען פון סאָװעט־רוסלאַנד, פאַראַן אַזאַ מאַבול מיט העברעיִזמען״ [3]).

מיט אײן װאָרט, מיט דער דעהעברעיִזאַציע איז נאָך בײַ אונדז נישט גלאַטיק. צי הײסט עס, אַז די „השפּעה״ פון דער פּאָרטויִזנטיאָריקער קולטור איז טאַקע אַזאַ אויסערגעװײנלעכע קראַפט, אַז זי קען בײַשטײן קעגן דער אָקטיאַבער־רעװאָליוציע?

אַז מע װיל, קען מען געפינען אַ דערקלערונג צו דער פּאַראַדאָקסאַלער לאַגע. מע קען רײדן װעגן ניט־גלײַכמאָסיקער אַנטװיקלונג פון דער באַזע און איבערבוי, װעגן דיִאַלעקטישן װידערשפּרוך צװישן דער סאָװעטישער סאָציִאַל־עקאָנאָמישער װירקלעכקײַט און דער שפּראַך־ירושה, װאָס דער עלטערער דאָר פּובליציסטן, זשורנאַליסטן, שרײַבער האָט געבראַכט מיט זיך פון אַן אַנדער װעלט. אָבער צי דען האַנדלט זיך דאָ װעגן דערקלערן? דערקלערן אַ שעדלעכע דערשײַנונג דאַרף זײַן נאָר אַן ערשטער טריט. מע דאַרף זי פאַרניכטן, מע דאַרף זען, אַז די שפּראַך־פּראַקטיק זאָל װי מעגלעך גיכער אָניאָגן די נײַע סאָציִאַל־עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן. דער איצטיקער צושטאַנד אויפן פראָנט פון דעהעברעיִזאַציע איז ניטדערלאָזלעך.

עס דאַרף פּראָקלאַמירט װערן אַ קאַמף פאַר דעהעברעיִזאַציע פון ייִדיש [4]). דאָס איז אײגנטלעך אײנע פון די פילצאָליקע פאָרמעס פונעם קלאַסנקאַמף,

---

[1]) „אַז גאָט װיל שטראָפן אַן אַמהאָרעץ, לײגט ער אים אַ לאָשן־קוידעש װאָרט אין מויל אַרײַן“ (בערנשטײן. ייִדישע שפּריכװערטער).

[2]) ד. ה. באַם ייִדישן אויסלײג פון די העברעיִשע װערטער.

[3]) י. כץ, רעצענזיע אויף פ. הײַלפּערינס „הספר“. („די נײַע שול“, װאַרשע № 2 1928).

[4]) העברעיִזמען זײַנען שעדלעך סאָציִאַל, אידעאָלאָגיש, שפּראַכלעך (זע װײַטערדיקן קאַפּיטל), אָבער יענע העברעיִזמען, װאָס זײַנען ניט שעדלעך אין אָט־די הינזיכטן, דאַרפן ניט פאַרטריבן װערן.

ווּאָרעמ דאָ האנדלט זיכ וועגנ צופּאסנ די שפּראכ צו די באדערפעניש'נ פונעמ בײַעמ קלאס, וואָס איז געקומענ צו הערשאפט.

דערדאָזיקער ארטיקל איז א צושטײַער אינ דעמ קאמפּ.

וואָס פאר א טייל פונ ייִדיש בילדעט דער העברעיִש-אראמעיִשער עלעמענט? אָפט דערמאָנט מענ די ציפערנ, וואָס לעאָ וויענער האָט אמאָל אָנגעגעבנ: דײַטשישע ווערטער 70%, העברעיִשע 20%, סלאווישע 10%. וועגנ דעמ זאָגט דער אמעריקאנער ייִדישער שפּראכפאָרשער יודא א. יאָפע אזוי [1]:

„פונוואנענ וויענער האָט גענומענ אָט די ציפערנ, ווייס איכ ניט. נאָר פונ דעמ ביסל ארבעט, וואָס איכ האָב ארײַנגעלייגט אינ ייִדיש, דוכט זיכ מיר, אז דאָס איז ניט מער ווי אנ אײַנדרוק, אונ אײַנדרוקנ האָט יעדער פארשידענע. ביז עס וועט ניט זײַנ פארטיק כאָטש א גרויסער טייל פונ א ייִדיש'נ אקאדעמיש'נ ווערטערבוכ, וועט מענ ניט קענענ באשטימענ, וואָס פאר א פּראָצענט סלאווישע אונ העברעיִשע ווערטער ס'איז דאָ אינ ייִדיש'נ וואָרט-אוצר, דאָס הייסט, דעמ סטאטיש'נ פּראָצענט. אָבער דעמ דינאמיש'נ פּראָצענט דארפ מענ גאָר זוכנ אינ דער לעבעדיקער שפּראכ, אפ זײַטלעכ צײַטונגענ, ביכער א. א. וו. אונ ניט פארגליווערטע אפ די בלעטער פונ א ווערטערבוכ.

„איכ האָב אויכ אײַנדרוקנ אונ מײַנ אײַנדרוק איז, אז דער גערמאניש'ער עלעמענט איז אנ ערכ 80—82 פּראָצענט, אונ אז 18—20 פּראָצענט זײַנענ צעטיילט קימאט אפ העלפט צווישנ סלאוויש (עפּשער אביסל א גרעסערער טייל) אונ העברעיִש, 7—8—9 פּראָצענט".

דער כילעק, וואָס יאָפע מאכט צווישנ סטאטיש'נ אונ דינאמיש'נ פּראָצענט, איז וויכטיק. אנדערש קענ מענ עס רופנ — פּראָצענט פונ לעקסעמעס אינ שפּראכ אונ פּראָצענט פונ ווערטער אינ רייד (לעקסעמע איז א וואָרט אלס אייניקל אינ ווערטערבוכ. ווענ אינ איינ טעקסט קומט פאָר 3 מאָל „געוויר" אונ 2 מאָל „קאפּנ", זײַנענ עס 5 העברעיִשע ווערטער, אָבער נאָר 2 העברעיִשע לעקסעמעס). צווישנ די העברעיִשע לעקסעמעס איז פאראנ אסאכ אזעלכע, וואָס ווערנ זעלטנ באנוצט; הייסט עס, אויב מע מעסט די ראָליע פונ העברעיִזמענ לויט לעקסעמעס („סטאטיש'נ פּראָצענט"), באקומט זיכ א גרעסערע ציפער פאר העברעיִזמענ (אונ א קלענערע פאר ניט-העברעיִש'נ טייל), ווי אז מע מעסט זי לויט ווערטער פונ לעבעדיקער רייד.

איכ האָב אזא סטאטיסטיק ניט דורכגעמאכט, אָבער פונ יאָפעס אונ וויענערס ציפערנ שײַנענ מיר יאָפעס ריכטיקער [2]). אָבער אינ די אלע סטאטיסטיקעס מוז מענ נאָכ ארײַנטראָגנ צוויי פּרינ-ציפּיעל וויכטיקע קאָרעקטיוונ.

ערשטנס דארפ מענ רייִדנ ניט וועגנ א ייִדישער שפּראכ בכלל, נאָר וועגנ די שפּראכנ פונ פארשיידענע סאָציאלע גרופּעס (אינ דער ערשטער ריי — קלאסנ). צווייטנס דארפ מענ באטראכטנ ניט נאָר דעמ סטאטיש'נ צושטאנד פונ דער שפּראכ, נאָר איר באוועגונג. מע דארפ אונטערשיידנ לעבעדיקע העברעיִזמענ, אָפּשטארבנדיקע, קימאט טויטע.

---

1) פּנקס, באנד ו, ניו-יאָרק 1928, ז. 140.

2) שטימ צײַלט, לויט ספּיוואקס אונ יעהויעשעס ווערטערבוכ, בא 3820 לעקסעמעס, וואָס גע-הערנ צו 930 פארשיידענע וואָרצלענ („די ייִדישע שפּראכ" № 18).

## II. פארוואָס דארפ מענ דעהעברעיִזירנ אונ פארוואָס לאָזט מענ ניט

דעהעברעיִזאציע מאכט די שפראכ פארשטאנדיקער. — דעהעברעיִזאציע אונ אידעאָלאָגיע. — קעגנ אינדיווידואליסטישנ צוגאנג צו שפראכ. — דעהעברעיִזאציע פארבעסערט די שפראכ אלס סיסטעמ. — העברעיִשע אונ גערמאניִשע וואָרטבילדונג אונ מערצאָל־בילדונג. — די געשיכטע האָט דורכגעפירט אנ עקספערימענט, ער איז ניט געלונגענ. — דעהעברעיִזאציע פונ יִדיש דארפ ווערנ א לאָזונג אינ אונדזער שפראכ־פּאָליטיק. — פארוואָס באנוצט מענ העברעיִזמענ: — 1) א מיטל קעגנ רוסיזמענ. — 2) א מיטל קעגנ דייטשמעריזמענ. — 3) מע קוויקט זיכ מיט א פּאָסעק. — 4) בילדערישקייט. — 5) איראָניזמ. — 6) כאראקטעריסטיק פונ אָרט אונ צייט. — 7) אייפעמיזמענ. — 8) מע האָט ניט מיט וואָס צו פארבייטנ. — 9) אינערצ.

דער שאָדנ פונ די העברעיִשע עלעמענטנ אינ יִדיש אונ דער ווערט פונ דער דעהעברעיִזאציע איז אי א דירעקט־סאָציִאלער אי א לינגוויסטישער (ד. ה. א אומדירעקט סאָציִאלער, וואָרעמ אינ דער אונטערשטער שורע איז דאָכ די שפראכ אינגאנצנ א סאָציִאלער פאקט).

די דעהעברעיִזאציע מאכט די שפראכ פארשטאנדיקער, אונ ז'ער קאמפ ארומ די העברעיִזמענ איז הייסט־עס א קאמפ ארומ דער קוואליטעט פונ דעמ מיטל, וואָס מיר באנוצנ צו אָרגאניזירנ די סאָציִאליסטישע בויונג בא דער יִדיש־ריידנדיקער מאסע.

קאָנסערווירנ די העברעיִזמענ, ארייַנפירנ נייַע העברעיִזמענ הייסט — מאכנ די שפראכ ווייניקער פארשטאנדיק גראָד פאר יענע שיכטנ, וואָס אינ זיי זייַנענ מיר פארינטערעסירט.

„אינ די צעטלעכ האָט מענ אויכ אָנגעוויזנ (אזוי ווערט דערציילט פונ א קאָנפערענצ פונ די בערדיטשעווער „עמעס"־לייענער), אז דער „עמעס" באנוצט צופיל העברעיִשע ווערטער" („עמעס", 29 III/15).

דאָס איז ניט דער ערשטער אונ מיסטאמע נאָכ ניט דער לעצטער אָנווייַז פונ דעמ מינ.

די העברעיִשע עלעמענטנ זייַנענ, כוצ אויסנאמענ, שטענדיק געווענ האלב־פארשטאנדיק אָדער אומפארשטאנדיק פארנ פראָסטנ מענטשנ. אינ זייַנע אקטיווע שפראכ־רעסורסנ (ד. ה. אלײנ צו באנוצנ) האָבנ זיי געמוזט פאר־נעמענ א קנאפנ אָרט. קומט מענ איצט אונ מע רופט אָנ אנ אנטירעליגיִעזנ קרייַז מיט א ראבאָנישנ נאָמענ „קיפער בעיִקער" (ווענג אזא קרייַז באמ כארקאָווער קלוב „III אינטערנאציִאָנאל" דערציילט דער „עמעס" 27 VI/30).

צו וואָס?

סײַדנ צוליב דעמ, אז דער מאסנ־מענטש זאָל ניט וויסנ, וואָס פאר א קרייַז דאָס איז?

די מאסע ספּראָוועט זיך גאַנץ גוט מיט אַלערליי שעדיקער און ווערדי־טעליעס — צו וואָס־זשע דאַרף מען איר אונטערוקן „מאַשכּיסים" אינמיטן דערינען?

— „מאַשכּיסים"

„דאָס יונגע ייִדישע דאָרף האָט נאָך דאָס וואָרט ניט געבוירן, און ווער ווייסט, צי דערדאָזיקער טערמין, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן אין דער לאַבאָ־ראַטאָריע פונעם „עמעס"[1], וועט בלײַבן לעבן דאָרט, ווו די מאַשכּיסים זײַנען ניט פון טינט און עסן ניט פּאַפּיר, נאָר דאָס זײַנען לעבעדיקע, רעאַלע מאַשכּיסים און זיי עסן אויף די פּראַצע פון די פעלדער. דאָס ייִדישע דאָרף (וועלכעס רעדט אינגאַנצן געצומענע אַ זאַפּטיקן פאָלקס־ייִדיש), שטעלט זיך דערווײַל צופרידן מיטן רוסישן „ווערעדיטעלעס". איך האָב געפּרוּווט, ריידנדיק מיט די פּויערים, פאַרפלאַנצן „מאַשכּיסים", נאָר עס האָט זיך ניט אָנגענומען. צי איז עס דערפאַר, וואָס די ערד פון די כערסאָנער קאָלאָניעס האָט ביכלאַל האַיקאָר ניט אָנגענומען קיין זריִע און די קעפּ פון די פּויערים זײַנען ניט געווען אויפגעלייגט פאַר אַזאַ מין לוקסוסדיקן ווערטער־פאַרפלאַנץ, צי די רוסישע „ווערעדיטעלעס" זײַנען טאַקע מער צוגעפּאַסט צו דער ערד, און דער האַרטער רייש פון ווררעדיטעלעס זאָגט עפּעס מער דעם ייִדישן פּויער, ווי דער ווייכער שין פון די מאַשכּיסים, נאָר עס איז אַ פאַקט, אַז אַקלימאַטיזירט האָבן זיך אין ייִדישן דאָרף די סלאַווישע „ווערעדיטעלעס" און ניט די סעמי־טישע „מאַשכּיסים" („עמעס" 28 25/VIII וועוויאָרקא).

„מאַשכּיסים" איז אַ „לוקסוסדיקער ווערטער־פאַרפלאַנץ"? הייבט זיך ניט אָן! „לוקסוס" רופן מיר אַזעלכע זאַכן, וואָס פאַרבעסערן, פאַרשענערן דעם לעבן, נאָר מע קען זיך גאַנץ גרינג באַגיין אָן זיי. אָבער זאַכן, וואָס מען דאַרף קלאַל ניט — זײַנען ניט קיין „לוקסוס".

און צי איז ניט אויסגערעכנט דירעקט אָפּ פאַרקלענערן די צאָל לייענער, וואָס פאַרשטייען די צײַטונג, — אַזאַ פראַזע:

„...ער [דער רעצענזענט] האָט באַמערקט יעדער ט אָ ע ס־ה א ד פּ ו ס אפּילע" (אָ 28). נאָך בײַשפּילן — שפּעטער.

צווייטנס איז דער קאַמף אַרום די העברעיִזמען — אַ קאַמף אַרום דער אידעאָלאָגיע, וואָס די שפּראַך אַנטהאַלט אין זיך.

דאָס אייגענע גלעזל, וואָס אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר איז עס אַזעלכעס פּראָסט אַ קעלישעקל, הלילה הזה, די נאַכט פון פּייסעך איז עס אַ כּוס..." (אבר.).

„קעלישעקל" און „קאָס" איז הייסט־עס אידעאָלאָגיש־פאַרשיידן.

„באַלביטאָכנ" איז ניט סטאַם אָפּטימיסט; דאָס איז דער, וואָס גלייבט, אַז „גאָט וועט העלפן". „באַל־צדאָקע" איז נישט סטאַם אַ מילדער מענטש, וואָס שענקט אָרעמעלײַט, — דאָס איז דער, וואָס טוט דאָס און רעכנט זיך דאָס פאַר אַ מיצווע" (נ. שטיף).

---

1) צי איז פאַראַן אין דער „לאַבאָראַטאָריע" אַ העברעיִשער ווערטערבוך?

„דער ארבעטער האָט נישט געקענט איבערנעמענ פאר זײַנ סאָציִאַל־פּאָליטישער ארבעט אזוינע ווערטער אשטייגער ווי „אסיפה“ (פאר פארזאמלונג), „חברה“ (פאר געזעלשאפט, פּארטיי), „קול קורא“ (פאר א פּראָקלאמאציע), „קלפי“ (פאר באלאָטירנ) א. אז. וו.: צופיל האָט דאָ געשמעקט מיט קאָהאָל, מיט בעסמעדרעש א. ד. גל. פאר דעם נײַעם סאָציִאַל־פּאָליטישנ אינהאלט פונ לעבנ אינ קאמפ, פאר ארבעט, פאר דער נײַער קולטור האָט דער ארבעטער־קלאס אינ העברעיִשנ אינווענטאר ניט געהאט וואָס צו נעמענ“. (נ. שטיפ).

אונ אויב „אסיפע“ אונ פארזאמלונג“ פיגורירנ בא איינ אונ דעמזעלביקנ מענטש — הייסט עס, ס'איז אנ איבערגאנג-מענטש, וואָס איז אָקאָרשט צוגעשטאַנענ צו דער נײַער געזעלשאפט-לעכקײַט:

„אונ וויפל איז א שיר צו ווארטנ? האָט דאנ אבע זיכ אופגעהויבנ אונ האָט באלעבאטיש א מאכ געטונ מיט דער האַנט, ווי א גאבע אינ שול אונ האָט געזאָגט קורצ:
— מיר הייבנ אָנ די פ א ר ז א מ ל ו נ ג.
— ווער האָט וואָס צו זאָגנ צו הײַנטיקער א ס י פ ע, זאָל זאָגנ“ (ע. גאָרדאָנ. „ווילדגראָז“).

מע דארפ אפילע ניט זײַנ קיינ אידעאָלאָג פונ פּראָלעטאריאט — גענוג צו האָבנ א געפיל פאר דער שפּראכ אפ אונטערצושיידנ אונ קעגנשטעלנ „הייליקע שוימרים“ אונ „פּאָשעטע היטערס“:

„ניט בא די הייליקע שוימרים — אינ וואָרט בא די פּאָשעטע היטערס
הערט זיכ דער אָנהייב פונ שטאָלצע געזאַנגענ פונ שניטערס,
הערט זיכ דער אָנזאָג אפ מונטערע קלאנגענ פונ שײַער“.

(ד. האָפשטיינ).

אײַנפירנ א וואָרט „מעראגלימ“ הייסט שלעפּנ אונדז צום כומעש, צו די כיידער־דערינערונגענ וועגנ מוישע ראביינו, ד. ה. פארלאנגזאמערנ דעם טויט פונ דער מיטאָלאָגיע אונ רעליגיע. אויב איינער פרעגט (ווי מע האָט מיכ געפרעגט אפ א דיסקוסיע וועגנ לינגוואָטעכניק):

„איכ האָב קיינ כומעש ניט געלערנט — מיט וואָס איז „מעראגלימ“ שלעכט?“ —

איז עס א אינדיווידואליסטישער צוגאנג צו דער שפּראכ. די שפּראכ איז קיינמאָל ניט קיינ שפּראכ פונ איינ מענטשנ, ווי ס'האָבנ געשילדערט די יונג־גראמאטיקער. מענטשנ, וואָס האָבנ געלערנט כומעש, זײַנענ נאָכ פאראנ אונ וועלנ נאָכ א היפּשע צײַט זײַנ. איז אויב דער כאווער, וואָס האָט געשטעלט די פראגע, באנוצט דעמ כומעש־וואָרט, פארלאנגזאמט ער בא יענע מענטשנ, אויב ניט בא זיכ, דעמ וועג צו באפרײַונג.

כ' פאלקאָוויטש זעט ריכטיק אײַנ („ראטנבילדונג“ 4 № 1930) „ציִאָניסטיש־העברעיִסטישע טענדענצנ“ אינעמ באנוצ פונ „סיידער האיומ, נעטיִע“ א. ד. גל.

„אינ גרוזיע איז געשאפנ געוואָרנ א קאָמיטעט אפ פײַערנ גאָרקיס י ו י ו ו ל“ (אָ 28).

„יובילײ“ שטאמט טאקע פונעמ העברעיִשנ „יובל“. אָבער באנוצנ דאפקע די העברעיִשע פאָרמע פונ דעמ וואָרט אָנשט. דער אינטערנאציִאָנאלער־

הייסט — האלטנ, אז די העברעיִשע שפּראכ אונ די ביבל איז „אונדז ייִדנ״ נעענטער איידער ווע‏מענ ע... איז אנדערש.

„דער צווייטער — זוכט איִנ ערד־ארבעט צו ליקווידירנ זײַנע אָפּאָזיציע־הירהורימ״ (ע 28).

א מאָדנע פארבינדונג פונ א מאָדערנעמ פּאָליטישנ באגריפ „אָפּאָזיציע״ מיט פארשימלטע, פונ א מוסער־סייפער ארויסגעשלעפּטע „הירהורימ״.

ניט בעסער איז אזא נאָטיצ:

„סמיטשקע״.

„ניט לאנג איז איִנ קלוב פונ נ—סקנ פּאָלק געווענ אײַנגעאָרדנט אנ אָוונט פונ היסקארוועס פונ קאָמיוגיסטנ מיט די רויטארמייער״ (וועקער 24).

אינטערעסאנט: „סמיטשקע״ איז אײַנגעשלאָסנ אינ פיסלעכ (אנטשולדיקט הייסט־עס פאר א רוסישנ וואָרט: מיר ווייסנ אליינ, אז ס׳איז ניט אונדזערס, אָבער...) אונ „היסקארוועס״ איז געלאָזנ אזוי, ניט געפּענטעט: ס׳איז דאָכ „אייגנס״ — דירעקט פונ העברעיִשנ לעקסיקאָנ גענומענ!

„היסקארוועס״ איז גלאט ניט קיינ פּאסיקער פארטײַטש פאר „סמיטשקע״; „היסקארוועס״ הייסט ניט מער ווי „דערנעענטערונג״. אָבער אויב היסקארוועס איז סמיטשקע, איז דאָ די כמיטשקע אָנגעטונ אינ אנ אלטמאָדישער קאפּאָטע.

„ארטיאָמאָווסקער דרוקער האָבנ באשלאָסנ צו ווענדנ זיכ צו דער רעגירונג וועגנ אויסשליסנ פונעמ לועכ די ווײַנאכט־טעג (ש. 28).

פאַרשטייט זיכ, אז נאָר אויבערפלעכלעכ איז „לועכ״ דאָס אייגנס וואָס „קאלענדאר״ [1], צווישנ זיי איז דאָ אנ אונטערשייד, ווי ס׳איז דאָ אנ אונטער־שייד צווישנ אלט־ייִדישלעכער אונ מאָדערנ־אינטערנאציאָנאלער אידעאָלאָגיע.

אָט די אלע לוכעס, היסקארוועסנ אונ הירהורימ (נאָכ בײַשפּילנ — שפּעטער) האָבנ אזא גע־שמאק ווי די ייִדישלעכקײַט פונ ריוועסמאנס מעשאָלימ.

„רעב געצעלע, א סארוועט א בעריאק, א ברענ,
איז א באל-סימכע פרײַטיק גראָד געווענ:
ער האָט געהאט א יאָרצײַט נאָכ א זיידנ,
זאָל האָבנ דאָרט א ליכטיקנ גאניידנ.
די ארבעט לייגט ער אָפּ אינ קיכ,
לויפט ווי אָנ זיכ,
מענ זאָל כאָלילע נאָכ אינ שול ניט קלאפּנ:
ער וויל א מינכע כאפּנ.
אינ קיכ דערווײַל פאר א שוימער־כינעמ
לאָזט רעב געצל
דאָס ווײַסע קעצל״ א. אז וו. [2])

[1]) איכ פלעג פריִער באנוצנ די דײַטשישע פּאָרמע „קאָלענדער״, כ׳האָב זי געהאלטנ פאר „ייִדישלעכער״ לויט דער אקצענטירונג (אקצענט ניט אפנ לעצטנ טראפ). איצט מיינ איכ, אז די לאטייניש-רוסישע פּאָרמע איז בעסער, ווײַל זי איז אונדז נעענטער.

[2]) ניט אלע העברעיִזמענ זײַנענ אידעאָלאָגיש שעדלעכ, ניט אלע אידעאָלאָגיש שעדלעכע ווערטער קומענ פונ העברעיִש. דעריבער דארפ די שפּראכארבעט גיינ אינ צוויי ריכטונגענ: לויט

דריטנס. אָפּט קענ מענ פעסטשטעלנ, אז די דעהעברעיִזירונג פארבעסערט די שפּראַכ אליינ אלס סיסטעמ, אפילע אומאָפּהענגיק פונ דער אידעאָלאָגיע. די מײַסע איז, וואָס די העברעיִשע עלעמענטנ שטייענ אינ א היפּשער מאָס איזאָלירט אינ דער שפּראַכ. אויב ס'איז פאראנ „שוימער" (היטער), איז אָבער ניטאָ קיינ העברעיִשער וואָרט פאר „היטנ" (ס'וואָלט געקענט זײַנ „שוימערנ" „שוימער זײַנ" א. ד. גל., אָבער אזעלכע ווערבנ זײַנענ גראָד ניט ארײַנ אינ דער שפּראַכ). אויב ס'איז פאראנ „נעסיִע" (רײַזער), איז אָבער ניטאָ קיינ העברעיִשער ווערב פאר „רײַזנ" (ס'וואָלט געקענט זײַנ נויסייע זײַנ — אָבער ס'איז ניטאָ אזא וואָרט). אויב ס'איז פאראנ „גויווער זײַנ" (בײַקומענ, זיכ ארויס־ווײַזנ שטארקער), איז ניטאָ קיינ טוונג־נאָמענ פאר „בײַקומ" אָדער בײַקומונג.

אזעלכע בײַשפּילנ קענ מענ ברענגענ נאָכ—מע דארפ זיי נאָר אופקלײַבנ [1].

קלאָר, אז איינפאכער אונ גרינגער איז די שפּראַכ, וואָס האָט „היטער" אונ „היטנ", בײַקומענ" אונ בײַקומ", איידער די וואָס האָט „שוימער" אונ „היטנ", „גויווער זײַנ" אונ „בײַקומ".

נאָכ א שארפערנ בײַשפּיל האָבנ מיר אינ די טערמינענ פאר פארפינצטערונג (עקליפּסיע): פאראנ „ליקע־כאמע", „ליקע־לעוואָנע", אָבער ניטאָ קיינ אלגעמיי־נער נאָמענ פאר עקליפּסיע („ליקע" ווערט ניט באנוצט). ד. ה. די שפּראַכ מאכט א צוואנג איבערנ דענקענ: זי צווינגט אונדז אלעמאָל דענקענ קאָנקרעט, ספּעציִעל, כאָטש מיר דארפנ אמאָל דענקענ אבסטראקט, פאראלגעמיינערט. דאָ ווערט די יִדישע שפּראַכ (אונ דאָס האָט זי צו פארדאנקענ דעמ העברעיִשנ עלעמענט) ענלעכ צו די שפּראַכנ פונ די ווילדע פעלדער, ווו ס'איז פאראנ נעמענ פאר פארשיידענעביימער, נאָר ניטאָ קיינ וואָרט „בוימ".

אגעוו האָב איכ באמערקט, אז די ווערטער ליקע-כאמע, ליקע-לעוואָנע צוזאמענ מיט כוט-האשעדרע (רוקנ-בייג) אונ נאָכ אזעלכע געהערנ צו די שווערסטע ווערטער אינ יִדיש (פאר יענע, וואָס קענענ ניט קיינ העברעיִש).

עמעס, מע קענ זאָגנ: דערופ עקזיסטירט ליקאמעראציִעס, מע זאָל זיכ אויסלערנענ „ליקע־כאמע" אונ „ליקע-לעוואָנע". אָבער צו וואָס אויסגעבנ איבעריקע מי אונ צײַט, אז מע קענ לערנענ גרינגערע ווערטער [2].

---

דער אָפּשטאמונג (העברעיִזמענ) אונ לויט דער אידעאָלאָגישער פארבינדונג. אינ ד ע מ ארטיקל רייד איכ וועגנ העברעיִזמענ; אינ אנדערע ארטיקלענ באהאנדל איכ רעליגיִעזע אונ שאָוויניסטישע ווערטער. ס'בלײַבט נאָכ צו באהאנדלענ אנדערע אידעאָלאָגיש-שלעכטע טיילנ אינ שפּראַכ.

1) ד. ה. אופקלײַבנ אזעלכע „ניט-פולע" פּראָפּאָרציעס ווי

$$\frac{\text{היטער}}{\text{היטנ}} = \frac{\text{שוימער}}{?} \qquad \frac{\text{געצאָלטס}}{\text{צאָלנ}} = \frac{\text{סכירעס}}{?}$$

דאָס איז א וויכטיקע טעמע פאר דער יִדישער שפּראַכ-ארבעט אלס טייל פונ אלגעמיינער לינגוויסטיק—א בײַטראָג צו דער דערלערנונג פונ מיש-פּראָצעסנ אינ שפּראַכ.

2) איכ נוצ אויס די געלעגנהײַט ארויסצוזאָגנ א טעאָרעטישע האשאָרע: מיר דוכט, אז „ליק־אמעראצעס" קענ ווירקנ (אונ עפּשער ווירקט שוינ), פאָלקעטימאָלאָגיש, אפנ אויסטײַטש פונ „ליקע כאמע", „ליקע-לעוואָנע" ד. ה. אז די אלע דרײַ „ליקעס" קענענ אינעמ שפּראַכ־באוווסטזײַנ בא די לינגוויסטיש ניט-געבילדעטע דערנעענטערט ווערנ.

איך ווייס פאלן, ווען מענטשן, וואָס קענען ניט קיין העברעיִש, פאַרשוועריקן זיך איבערלייענען אַ מער וויניקער לאַנגן העברעיִשן וואָרט, אויסגעלייגט אפילו נאָך דער נייַער אָרטאָגראַפיע. דאָס הייסט — דער העברעיִשער וואָרט איז פרעמד פאַר דער שפּראַך. (דאָס איז ניט עפּעס אַ מיסטישער „עטימאָלאָגישער געפיל", נאָר פּאָשעט: דער העברעיִשער וואָרט ווערט זעלטענער באַנוצט און ער שיידט זיך אָפּ אונטער אין זייַן פאָנעטישן בוי פון די ניט־העברעיִשע ווערטער[1]).

איז טאַקע קיין ווונדער ניט, אַז מע פלאָנטערט אַמאָל איין העברעיִזם מיט אַ צווייטן, און פון „אַ קוסטאַר אַ יאָכיד" ווערט „אַ קוסטאַר אַ בעניאָכיד" (ווי מע האָט מיר מיטגעטיילט פון אַ קיִעווער שול), אָדער מע ענדערט פאָלקעטימאָלאָגיש אַ העברעיִזם לויטן מוסטער פון אַ ניט־העברעיִשן וואָרט: קלייקוידעש — קליינקוידעש, גאַניידן — גאַנייד־ים.

ווייַטער. אָפּטמאָל איז פאַראַן, עמעס, אַ גאַנצע גרופּע העברעיִשע ווערטער (אַכלען — אַכילע — מײַכל; אַסערן — איסער — אָסער; באָטועך — האַפּטאָכע; זויכע זייַן — מעזאַקע זייַן — סכיִע — סכוס; ייִכעס — יאַכסן; שוימער — שמיִרע), אָבער מיט אַזאַ אינעווייניקסטער בייגונג, וואָס איז פרעמד פאַר ייִדיש. אינעם גערמאַנישן און סלאַווישן טייל פון דער שפּראַך קומען פאָר גאָר אַנדערע טיפּן אינעווייניקסטע בייגונג (זינגען—געזאַנג—געזונגען, גלאָז—גלעזערנער, טשערוואָנעץ—טשערוואָנצעס). אַזוי אַז אפילו די ווערטער, וואָס זייַנען עטימאָלאָגיש פאַרבונדן אין איין גרופּע, פילן זיך אָפּט איזאָלירט איינער פונעם אַנדערן.

און דאָ ווייַזט זיך אויך אַרויס די קלאַסן־דיפערענציאַציע:

„דער לאָמדיש - באַלעבאַטישער קלאַס האָט די ריינע העברעיִשע פאָרמע (אָדער די ריינע העברעיִשע פאָרמע אויך):

בעל־דרשן, בעל־תאוה, בעל־מצוה, גזלה, חונף, כוס, כל בו, משומדת, צבוע א. אז. וו.

דער פאָלקסמענטש האָט די ווערטער איבערגעאַרבעט, פ א ר י ִ ד י ש ט דורך ייִדישע (אָדער סלאַווישע) סופיקסן; — אַגעוו, דערמיט צומטייל אַרייַנגעלייגט אין אַזוינע פאָרמעס אַ געוויסע עמאָציִאָנעלישקייַט:

באַל־דאַרשער, באַל־טײַוועניק, באַל־מיצוואָטניק, גאַזלאָוויסטווע, כאַניפעניק (אויך: כאַניפושניק און כאַניפושניצע), קויסע, קאָלבויניק, מעשומעדעסטע, צוויאַק א. ד. גל.

די אייבערשטע שיכטן האָבן דאָסדאָזיקע „אַמעראַצעס" צומטייל איבערגענומען". (נ. שטיף).

דעריבער איז, אויב לאָזן אין דער שפּראַך דעם וואָרט „פּאָשעט", הייסט עס נאָך ניט אַז מע דאַרף לאָזן:

---

1) און פאַרקערט: אַז מע פאַרשטייט ניט אַ וואָרט, מיינט מען אַז ס'איז אַ העברעיִזם. — אַן אומגליק, אַז מע קען קיין העברעיִש ניט: אָט ווייס איך ניט, וואָס באַטייַט דאָס

„... אלע זײַנע דערציילונגען פאַרמאָגן... אַן אופריכטיקע כיינעוודיקע פּ א ש ט ע ס" (ש. 28).

אנשט. „פּאשטעס" דארף זײַן „פּאָשעטקײַט" (העברעיִזם מיט ניט־העברעיִ־שער וואָרטבילדונג).

מע דארף ניט, ווײַל עס פארשווערקט, אזעלכע ווערטער ווי האגזאָמע, באַליויעצ:

„קען די גרעסטע סאקאָנע... זײַן די גרויסע ה א ג ז אָ מ ע פון רעוואָליו־ציאָנערקײַט" (צ.).

פאראן „גוזמע, מעגאזעם זײַן", אָבער „האגזאָמע" איז פרעמד. ס'איז גע־נומען דירעקט פון העברעיִשן ווערטערבוך.

„ער איז געווען טשערטשילס ב א ל י ו י ע צ בעשאס דער עקספּעדיציע אפ מורמאַנ" (ש. 23).

פארוואָס ניט „אייצע־געבער"? „אייצע" איז, עמעס, אויך א העברעיִזם, אָבער גרינגער און פּאָפּולערער ווי „באַליויעצ".

אויך די מערצאָל א. א. פאָרמעס זײַנען בא העברעיִזמען אָפטמאָל שווער, „אויסטערליש".

„ביניען" איז ערגער ווי „געבײַדע" (אָדער „געבײַ") ניט נאָר דערפאר, וואָס „ביניען" איז איזאָלירט, און צו „געבײַדע" איז פאראן א גרופּע: בויען, בוי, בויער א. א. וו., נאָר נאָך דערפאר, וואָס די מערצאָל־פאָרמע צו „געבײַדע" איז איינפאכער (געבײַדעס) ווי צו „ביניען" (ביניאָנים).

אויב „ביניען" זאָל צוליב וואָס ניט איז בלײַבן אין דער שפּראך, איז בעסער פארשטייט־זיך אײַנצופירן אין דער שפּראך די מערצאָל „ביניענס" אנשט. „ביניאָנים" (זע מײַנע „גרײַזן און ספּייקעס" 1927. ז. 19).

„מיר נעמען אָן אלע מיטלען... צו אויסטיילן... נײַע 300 ש ט אָ כ י ם פאר דער יִדישער באפעלקערונג" (אָ. 28).

שוין בעסער „שעטעכן"; פּרגו:

„ערשטנס, וועט דער „דזשאָינט" דארפן אויסגעבן א פיר־פינף מיליאָן רובל, קעדיי צו פארענדיקן די ערד־אײַנאָרדענונג אפ די ערד־ש ע ט ע כ נ, ווו דער „דזשאָינט" ארבעט איצט" (ע 28).

אָבער בעסער „פּלעצער"; פּרגו:

„די ראטנ־רעגירונג האָט שוין ניט איינמאָל אָנגענומען באשלוסן וועגן אויסטיילן גרויסע ערד־פּ ל ע צ ע ר פאר דער יִדישער ערד־אײַנאָרדע־נונג" (ע 28).

אמאָל קען מען צו א העברעיִזם גאָר קיין מערצאָל ניט בילדן, צ. ב. צו אייס־צאָרע, איישעס־כאיִל, איר־מיקלעט, באל־נעס, גוואר א. א.

---

וואָרט „באלאגערן" (מיטן אקצענט אפ ע). אזוי קלאָגט זיך א יונגע לערערן (זע „ראטנבילדונג" № 4 1928, כ. ווײַסמאנס ארטיקל).

דאָס איז אלײן פאר זיך ניט קיין מאָטיוו קעגן העברעיִזמען. ס'איז אָבער כאראקטעריסטיש פאר דער ראָליע פון די העברעיִזמען אין שפּראכבאוווסטזײַן פון יִדיש־ריידערס.

הייסט עס, א גרויסער טייל פונעם העברעיִשן עלעמענט אינ יידיש איז שעדלעכ סאָציאַל, אידעאָלאָגיש אונ אפילע ריינ־שפּראַכלעכ[1]. די געשיכטע האָט דורכגעפירט אנ עקספּערימענט—צונויפמיש פונ א גערמאַנישער שפּראַכ מיט א סעמיטישער. דאָס האָט געקענט ברענגענ דערצו, ווי דר. זשיטלאָווסקי האָט געהאָפט, אז די שיינקייט פונ „פאַוסט״ זאָל געקייפּלט ווערנ אפ דער שיינקייט פונ „שיר־השירים״,— אָבער עס האָט ניט געבראַכט דערצו.

כאָטש שפּראַכ־מישונג איז ביכלאַל א געזונטע דערשיינונג אונ זי דאַרפ פירנ צו פאַרבעסערונג פונ דער שפּראַכ, דאָכ איז וויַיזט אויס ניט יעדע מישונג גוט.

דער העברעיִשער עלעמענט אינ יידיש איז עפּשער די גאַנצע צייט געווענ אביסל אָפּגעפרעמדט, איזאָלירט. מע קענ געפינענ סימאָנימ פונ אזא איזאָלירטקייט. אהער עפּשער די „עטימאָלאָגישע מיטשטימונג״, ווי איכ רופ עס, ד. ה. דאָס, וואָס א העברעיִשער וואָרט באהעפט זיכ גיכער מיט א העברעיִשנ, א גערמאַנישער מיט א גערמאַנישנ.

„לעמיַי בא מיר איז רייכ, בא מיר איז שייכ, בא מיר איז ליכטיק, בא מיר איז ציכטיק, אונ בא איר? שטעבריק פינצטער, טאָמיד כוישעכ״ (ש. א.).

(ניט: טאָמיד פינצטער, שטעב־יק כוישעכ).

„די מענשעויקעס מיקאָל-האמינ־ם אונ פונ אלע לעבדער״ (ע 22).

(ניט: פונ אלע מינימ אונ מיקאָל-האלעבדער).

בא מיר איז אנ איַינדרוק (נאָכ ניט דורכגעקאָנטראָלירט), אז אינ פערזנ גראַמענ זיכ העברעיִשע ווערטער מיט העברעיִשע אָפטער ווי מיט ניט-העברעיִשע. אויב אזוי, איז עס עפּשער אויכ א סימענ פונ איזאָלירטקייט.

אויסשטודירנ אָט די פּראָבלעם (פאַרוואָס איז ניט געלונגענ דער מיש פונ יידיש מיט העברעיִש) איז א וויכטיקע אויפגאַבע פאַר דער לינגוויסטיק, אונ באזונדערס דאַרפ זי אינטערעסירנ די יידישע לינגוויסטנ. מע דאַרפ זיכ דערביַי שטיצנ אפ אנאַלאָגישע פּראָצעסנ אינ אנדערע שפּראַכנ (צ. ב. רוסיש אונ קירכנסלאַוויש).

איז אָט: דעהעברעיִזאַציע פונ יידיש דאַרפ ווערנ א לאָזונג אינ אונדזער שפּראַכ־פּאָליטיק.

אָבער — עפּשער פילנ אויס די העברעיִזמענ עפּעס א נוציקע פונקציע אינ דער שפּראַכ? עפּשער וועלנ מיר עפּעס אָנווערנ, אויב מירנ פאַרגיכערנ זייער פאַרשווינדונג?

מע קענ אפריער זאָגנ, אז ניט יעדער העברעיִשער וואָרט דאַרפ פונ יידיש פאַרשווינדנ. קיינ איינער פונ די דריַי מאָטיוונ (פאַרשטאַנדיקייט, אידעאָלאָגיע, שפּראַכסיסטעמ) פאָדערט עס ניט. פאַראַנ אָבער אסאַכ פאַלנ, ווענ מע פאַרהיט אָדער מע פירט איַינ העברעיִזמענ, ניט האָבנדיק דערצו קיינ גענוגנ גרונט. מיר דוכט, אז מע קענ אָנמערקנ 9 צוועקנ אָדער אורזאַכנ, וואָס ווירקנ, אז מע זאָל די העברעיִזמענ אופּהיטנ. אָבער זיי זיַינענ וויַיט ניט אינ אלע פאַלנ בארעכטיקט.

---

[1]) ווענ כ׳האָב דעמ ארטיקל פאָרגעלייענט אפ א פאַרזאַמלונג, האָבנ די אָפּאָנענ־נ באקומענ אנ איַינדרוק, אז איכ טרעט ארויס קעגנ העברעיִזמענ נאָר איבער אידעאָלאָגישע סיבעס אונ האָבנ דערפאַר „געפונענ״ בא מיר ווידערשפּרוכנ. איכ וויל וואָרענענ דעמ לייענער קעגנ אזא איינזיַיטיקייט.

1) טיילוויַיז נעמענ זיכ די העברעיִזמענ פונ מוירע פאר רוסיזמענ (מאש־כיסים — וורעדיטעלעס, מישמוירע — סמענע).

ס'איז רעכט אפילע פארטיַיטשנ א העברעיִזמ מיט א רוסיזמ:

„דער ענערגישער מאסנ־קאמפ קעגנ באטלענע (פראָגול)" (ע 28).

„איז פאַרגעלייגט געוואָרנ דער קאָמענדאטור פונ דער שמירע (אָכראַנע)" (אָ 28).

„א כוידעש פונ אופמאָנענ די נישער־כויווס (נידאָימקעס)" (קאָמפּאָנ 23 [1]).

דאָס וויַיזט, אז דער ציַיטונג־שריַיבער אלייג באציט זיכ צומ רוסיזמ, אלס צומ נאטירלעכנ, באקאנטנ וואָרט, אונ צומ העברעיִזמ, אלס צו א נייַעס, וואָס ער וויל ערשט איַינפירנ אינ דער שפראכ. (טאוויאָווס שפראכ־פּאָליטיק?)

אפ די בעלי־לשון־קודש (ריידנדיק מיט זייער לשון) ווערט מקוים דער פסוק „עברה גוררת עברה" [2]. זיי האָבנ מוירע פאר די לעבעדיקע רוסיזמענ פונ דער שפראכ פונ דער יידישער ארבעט־מאסע — קומענ זיי אָנ צו אָפּ־שטארבנדיקע אונ צו טויטע העברעיִזמענ פונ דער שפראכ פונעמ באלעבאָס, סויכער, לאמדנ אָדער דירעקט פונ כומעש ארויסגעשלעפט.

עס דארפ זיַינ פארקערט: בא לעצט־ברייִרע [3]), אויב עס איז נישטאָ קיינ אנדער אויסוואל, ווי נאָר א נייַער אָדער ווייניק באקאנטער העברעיִזמ אָדער א רוסיזמ פונ דער לעבעדיקער שפראכ—דארפ מענ נעמענ דעמ רוסיזמ, ניט דעמ העברעיִזמ.

2) אינ זעלטנבערע פאלנ בעמט מענ א העברעיִזמ, קעדיי אויסצומיַידנ א צו „דיַיטשישלעכנ" וואָרט. ב. שטיפ באנוצט „פארקלאלנ" אנשטאָט לאנגאַנגענומענעמ „פאראלגעמיינערנ". מיט וואָס איז „פארקלאלנ" בעסער?

3) אָפט איז דער שריַיבער א יודע ספר אונ א מפונק אינ ענין־לשון אונ ער פילט א באזונדער מתיקות אינעמ חומש-פסוק אָדער אינעמ וואָרט פונעמ מלון לשון עבר.

אזא שיינע פראזע אשטייגער:

„די סטירעס פונ צוירעכ אינ יעכוילעס, פונ נייטיקייַט אונ מעגלעכקייַט אינ דער בילדונג איז נאָכ קיינמאָל ניט געווענ אזוי גרויס ווי נאָכ אָקטיאבער" (קאָמפּאָנ 23).

אָבער אינ אזא פראזע איז „די סטירעס פונ צורע אונ כוימער, פונ פאָרמע אונ מאטעריע, „אויכ" נאָכ קיינמאָל ניט געווענ אזוי גרויס ווי נאָכ אָקטיאבער", ווארעמ נאָכ אָקטיאבער דארפ מענ שריַיבנ פאר א נייַעמ לייענער, וואָס איז ניט קיינ „יודע ספר", ניט קיינ „מפונק אינ לשון" (אינ דער ריכטונג יעדנ־פאלס ווי פריִערדיקע באלעבאטיש־לאמדאָנישע לייענער), אונ די סטיליסטישע שיינקייַט פונ דער „סטירע פונ צוירעכ אונ יעכוילעס" דערגייט צו אימ ניט. ניט אומזיסט פארטיַיטשט דער שריַיבער אלייג:

---

1) „נידאָימקעס" איז פאראנ בא פערעצנ.

2) אפ די לאָשנקוידעש-לייַט ווערט פארווירקלעכט דאָס, וואָס געשריבנ: איינ זינד שלעפּט א צווייטע.

3) פאָלקסטימלאָגישע ענדערונג פונ „לעס־ברייִרע".

פון צוירעך — פון נייטיקייט.
און יעכוילעס — און מעגלעכקייט.

קען ער דאָך גלייך ריידן וועגן „נייטיקייט און מעגלעכקייט"? וויל ער אָבער באַפרידיקן ערשטנס זיך אליין, זיין „פאַרמילכאָמעדיקן" סטיל־געשמאַק, צווייטנס יענע קנאַפּע ביסל לייענער, וואָס זיינען מיט אים פון איין דאָר און איין דערציִונג. דעריבער רעדט ער וועגן:

„רעוואָליוציאָנערע הירהורים (פאַרטראַכטקייט)" (ע 22).

פאַר „הירהורים" קען מען עפּשער געפינען א בעסערן טייטש ווי „פאַרטראַכטקייט" (איבערטראַכטונגען?)[1], נאָר ניט דאָס איז דאָך וויכטיק. וויכטיק איז, וואָס דער שרייבער דענקט אין העברעיִש[2], און דער יידישער עקוויוואַלענט (וואָס איז דאָך אומבאַדינגט נייטיק — דאָס וויס דער שרייבער אליין), קומט נאָר אלס א צוגעזוכטער פאַרטייטש פאַרן העברעיִשן וואָרט.

„... זייער ווירקונגס־קראַפט ליגט ניט אינעם „פירוש המלות", ניט אין זייער פּאַשעטן, פאַרשטענדלעכן טייטש, נאָר אין זייערע אויסטערלישע קלאַנגען..." (ע 22, ליטוואַקאָוו).

„פירוש המלות" איז דאָ אויסגעלייגט אַף העברעיִש און איינגעפּיסלט, דאָס הייסט, דער שרייבער באַנוצט עס אלס העברעיִשע ציטאַטע. אָבער וויפל נאָך מענטשן כוצן שרייבער דאַרפן אָט־די ציטאַטע? צי לוינט צוליב דער סטיליסטישער באַפרידיקונג פון א קליין ביסל לייענער „פאַרמיסטיקן", „פאַרזשאַרגאָנעווען" די שפּראַך?

„פאַרמיסטיקן", „פאַרזשאַרגאָנעווען" זיינען גענומען פונעם אַרסענאַל פון דיזעלביקע (בעערעך) שרייבער, נאָר זיי באַנוצן עס אַנטקעגן רוסיזמען.

„שונר — דאָס איז די שפּייז פון אונדזער אָדעסער טעאַטער בימי האנעפּ" (ע 24).

עס דערמאָנט זיך:

„ויהי בימי אחשורש", אָדער „ויהי בימי שפוט השופטים" — סאַראַ זיסע דערינערונגען פון אַמאָליקע כיידער־יאָרן! באַם שרייבער זיינען נאָך די דערינערונגען פאַראַן — און באַם לייענער? מיסטאַם שרייבט ער פאַר אַזאַ, וואָס האָט זיי נאָך אויך ניט פאַרלאָרן און ניט פאַרוואָרפן.

„בערויש פון דער „מילכעמעס מיצווע" (הייליקער קריג) קעגן דער קאָמוניסטישער „מאַכערייקע" איז געשטאַנען דער „פּאַרוועדטס" (ע 28).

ווידער פאַרטייטשט אין קלאַמערן אַף יידיש — און טאַקע גוט געטון.

„דער ערשטער „קאַסרילעווקער", וואָס האָט אין די אַכציקער יאָרן, אינעם „עת־דודים" פונעם רוסישן קאַפּיטאַל, געלאָזט זיך פון שטעטל"... (דאָבּרושין „געדאַנקענגאַנג").

---

1) דער ווערבאַלער צוגאָב „איבער" קען דאָ עפּשער אויסדריקן דאָס, וואָס איז אין העברעיִש אויסגעדריקט דורך דער וואָרצל־טאָפּלונג (הר—הר).

2) דאָ האַנדלט זיך פאַרשטייט־זיך וועגן דענקען פון אייגענע באַגריפן, ניט וועגן דעם באַנוצן געדאַנקען־גאַנג.

„נאָר די פאבולע, נאָר דעם סיפּער־האַמײַסע" (י. גרינבערג, „ראטנבילדונג" 4 № 1930).

נאָכדעם, ווי ס׳איז געגעבן דער געוויינלעכער וואָרט „פאבולע", דארף מען נאָך דערמאָנען, אז אמאָל האָט עס געהייסן „סיפּער־האַמײַסע"?

נאָך מאטעריאל צו דעם פּונקט — שפּעטער, אינעם ארטיקל וועגן שפּראַך און רעליגיע, וואָרעם העברעיִזמען אין שפּראַך זײַנען, ווי מיר געזען, אָפּט פארבונדן מיט רעליגיע אין דענקען.

4) אמאָל פילט מען אינעם העברעיִשן אויסדרוק א באַזונדער בילדערישקײַט, וואָס איז אין יידישן ניטאָ אָדער קלוימערשט ניטאָ.

... אז׳ א פארסטראכירטער פארשרײַבט דעם דאָקטער אף אהיים אכט אינדערפרי, קומט ער ערשט זיבן אינאָוונט און, קומענדיק צום פאַרסטראכירטן, באטראכט ער דעם קראנקן אל רעגל אכאס (אָ 28).

... און, צווייטנס, קומט אויס דעם אָפּרוענדיקן ווארטן א גאנצן טאָג, ביז־וואנען עס גיט זיך אים אײַן ארײַנקריכן אין די „ביגדיי־מעלעכ" פון אָפּרוי־הויז" (אָ 28).

„דאָס איז ניט קיין דעקלאראציע בעאלמא מיט גוטע ווונטשן און שיינע ווערטער..." (פעדאגאָגישער ביולעטען 1 20).

„דער פּראָלעטאריאט דארף פארווירקלעכן זײַן דיקטאטור אין לאנד בעיאד־כאזאָקע (מיט גוואלד־מיטלען)" (פּ. 28).

„עס איז א ביטערע אוויירע, וואָס אזא מין אומגעווײנטלעכ וויכטיקער און אינטערעסאנטער שטאָף בלײַבט ליגן בעכאדריי־כאדאָרים".

„דער יידישער דראמקרײַז אין גאָלעס" (ש. 28).

„די ארבעטער האָבן דערקלערט, אז זיי זײַנען מאסקים לעבן אין גאָלעס, נאָר ניט אײַנגיין אף די שווערע באדינגונגען „וואָס מע הענגט זיי אָן" (ש 28).

„שלינגען לעבעדיקערהייט און האליטייגעדיק די באטאמטע קערפּער־לעכ" (מ. טײַטש).

„קאָזאק האניגזל" (א טיטל פון א טעלעגראמע. ע 22).

„זײַנע [דעם אוראלס] זכוס־אָווס וועט אים בײַשטיין" (רויטער שטערן 21).

„אלע געזעררדישע אָרגאניזאציעס מוזן... זען... פארגרינגערן די איבער־וואנדערער דעם „טילטל האדערעכ", די רײַזע־שוועריקײַטן" (ש 28).

„אין דער שטורעמצײַט... איז דאָס... קליינבירגערטום געשטימט געווען ראדיקאל און האָט געגלויבט, אז די רעוואָליוציע וועט אים ברענגען יעשועס און נעכאָמעס" (ע. 2?).

„... אין יענעם גליקלעכן העראָישן נימרעד־פּער:אָד פון דער רעוואָ־ליוציִאָנערער קונסט..." („שטראָם" 11).

„זײַן אָפּיצערטום איז באשטאנען פון דער סוילעס פון רוסישן אדל" (ע 28).

„ווער רעדט נאָך באגעגענען זיך מיט זיי פּאָנעם על פּאָנעם" (אָ 28).

„געמאכט א „כורך" פון גרויסע און קליינע שרײַבער..." (דאָברושין, „געדאנ־קענגאנג").

„און שאָלעם־אַלייכעמס באַרעדעוודיק־פּלאַפּלענדיקע טיפּן האָבן בא בערגעל־סאָנען זייער קױעכ־האַדיבער פאַרלאָרן, יידן קוואַד־פּע געוואָרן, טױבע און שווייַגער" (שטראָם" וו, דאָבּרושינ).

קיין מערצאָל האָט דאָ דער שרייבער ניט געקענט געבן: ניט „קוואַד־פּעען", און אַוואַדע ניט „קיוודיי־פּע". באַקומט זיך אַן אומגעלומפּערטע קאָנסטרוקציע, „יידן קוואַד־פּע", וואָס פאַרשטערט דעם גאַנצן סטיליסטישן געווינס פונעם העברעיִזם (אויב אַזאַ געווינס וואָלט אפילע געווען).

„...די פּראָווינצ זאָל זען... אונדזערע ליטעראַטן וואָס אָכטער, און ניט ווי ביז איצט אַמאָל אין אַ שמיטע" (ש 28).

אייניקע פון די אויסדריקן איז שווער און עפּשער ניט נייטיק צו פאַר־בייטן; אָבער בעאַלמע, האַליטיינעדיק (פון אייסעווס ווענדונג צו יאַנקעוון: הלעיטני נאַ), נימרעד, סוילעס, קירעדך! ווי קומט עס צו אונדז?

איינ בייַשפּיל איז דאָ טאַקע ניט פון אונדזערע: דער „בעכאַדרע־כאַדאָ־רים" איז גענומען, מיט געענדערטן אויסלייג, פונעם צווייַיאָריקן באַריכט פון יִוואָ — יידישן (מע מיינט יידישיסטישן) וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט אין ווילנע. אָבער מיט וואָס שיידט ער זיך אונטער פון „אונדזערע" בייַשפּילן? און ווו איז די זיכערקייט, אַז אונדזערער אַ שרייבער וועט, אין יאָגעניש נאָך בילדע־רישקייט און קרעפּטיקייט, ניט אָנקומען צו אַזאַ פאַרגלייך:

„ב. מיכאַלעוויטש איז נישט נאָר געווען פּאָרזיצער פון י. ש. אָ. — ער איז געווען איר שכינה" („די נייַע שול" 2 № 1928, וואַרשע).

5) זייער אָפּט באַנוצט מען אַ העברעיִזם צוליב אויסלאַכונג, לייַכטער באַציִונג, איראָניע. אָבער ניט אַלעמאָל כאַפּט מען דאָ ניט איבער די מאָס. באַרעכטיקט איז אַזאַ באַנוצ דעמאָלט, ווען ער דערגרייכט דעם צוועק און ווען ס'איז ניטאָ קיין בעסערער מיטל (צ. ב. בוכשטעבלעכע איבערזעצונג פון העברעיִש) פאַרן זעלבן צוועק.

בייַשפּילן פון געלונגענעם איראָנישן באַנוץ פון העברעיִזמען:

„דער צווייטער — אייסעקט זיך מיט קינאָ" (ש 28).

„איצט האָט דער אַנטיקאָמוניסטישער מאַרש באַקומען עפּנטלעך דעם העכשער פון מאַקדאָנאַלדס „סאָציִאַליסטישע" לאַקייען פונעם אימפּע־ריאַליזם" (ע 28).

„...ציִאָניסטישע און יידישיסטישע „טעאָרעטיקער" ...טויוולען זיך אין יידישקייט" (ש 28).

„און איר קענט אינגיכן אַרויסגעמעשאַלייעכט ווערן פון דעמדאָזיקן „גליקלעכן" לאַנד (קאָמפּאָן 22).

„ער ווערט פאַרוואַלטער פון אַ שוסטערשן וואַרשטאַט... „פאַרשיט ער זיך" און מע איז אים מעשאַלייעכ" (ש 28).

„כ. ליטווינאָוו דעמאַסקירט די פאַלשקייט און צוויִעס פון די בורזשואַזע „רוידעפשאָלעמניקעס" (ש 28).

אַזאַ פראַזע איז מיר ניט פאַרשטאַנדיק:

„גאָר א וויכטיקנ אופטו האָט די פאבריק אופגעטונ מיט דעמ. וואָס אפ יעדער שטאָק ארבעט מענ לויטנ סטאאנדארט — ניט מער ווי 2 אָדער 3 געגנ־שטאנדנ. מיר האלטנ שטארק פונעמ נײַעמ פּאָסעק: קאָנצענטראציע, מעכאַניזאציע, קאָנווייער אונ סטאנדארט" (ש 28).

„פּאָסעק" קענ איכ דאָ אנדערש ניט פארשטיינ ווי איראָניש, אינ בעסטנ פאל — מיט א לײַכט־באציִערישער באפארבונג — אָבער וואָס טוט זי דאָ?

„שוצ־גראָבנ („אָקאָפּעס בלעז") (ע 21).

דער „בלע"ז" דארפ ווײַזנ, אז דער שרײַבער האלט ניט כאָלילע „אָקאָפּעס" פאר א יִדישנ וואָרט. אָדער דעמ גרעסטנ טײל לייענער איז דער „בלע"ז" געוויס ניט פארשטאנדיק[1].

אָט זײַנענ בײַשפּילנ, ווו מע קענ דוכט־זיכ דערגרייכנ דעמזעלביקנ איראָנישנ עפעקט דורכ איבערזעצונג:

אונ יִדנ בניי־ראכמאָנימ — גיבנ געלט... (אָ 28).

בניי־ראכמאָנימ — „קינדער פונ דערבארעמדיקע".

באָנטשיקנ דעמ „אקטיוויסט"... האָט מענ בעקאָוועד־גאָדל מעשאַלייעכ געוועזנ פונ קוסט־געזעלשאפט. (ש 28).

בעקאָוועד גאָדל — מיט גרויס פאראד, מיט גרויס קאָוועד.

קיינ „כיוועווייִדיש" זײַנענ קימאט ניט פאראנ (ש 28).

עפּשער: „יִדיש־ליבהאָבער", „ליבהאָבער פונ יִדיש"?

א „מײַסע נוירא" וואָס האָט זיכ פארלאָפנ אינ א גרויסער שטאָט, דערציילט דער כ' א. סלוצקי (אָ 28).

א „שרעקלעכע געשיכטע", וואָס האָט זיכ פארלאָפנ...

פּילסודסקי רופט צונויפ די דעבייִמ, זיי זאָלנ פירנ די צוינ־קאָדאָשימ שטימענ פארנ רעגירונגס־בלאָק (ש 28).

זיי זאָלנ פירנ די „הייליקע שאָפ" שטימענ...

דאשעווער פּרויענ־דעלעגאטקעס... זײַנענ געבליבנ „קעצוינ בעלוירויע" — אָנ אנ אָנפירער (ש 28).

ווי שאָפ אָנ א פאסטעכ, ווי שעפעלעכ אָנ א פאסטעכ.

מענ קענ ניט אויסארבעטנ קיינ קאָמוניסטישנ שולכענאָרעכ מיט באשטימטע קלאָלימ, ווי אינ יעדנ פאל צו פירנ זיכ (אָ 28).

שולכענאָרעכ — קאָדעקס, „סוואָד זאקאָנאָוו" (רוסיזמ אלס איראָניזמ).

אָט זײַנענ עטלעכע בײַשפּילנ, ווו איכ קענ ניט איבערזעצנ דעמ העבּ־רעיִזמ, נאָר איכ מיינ, אז מע דארפ אימ ווי־ניט־איז אויסמײַדנ:

„די פעצעקעס דערווײַזנ מיט אויסעס אומויפסימ... אז קיינ ארבעטלאָזיקײַט איז אינ ערעצ־ייִסראָעל ניטאָ..." (ע 28).

„מיט קאָלערליי באווײַזנ" איז צו שוואכ.

---

[1] בלע"ז—קירצונג פונ „בלשון עם זה" צי „בלשון עם זר" (אפ דער שפּראכ פונעמ דאָזיקנ פאָלק, אפ דער שפּראכ פונ א פרעמדנ פאָלק). ס'פלעגט באנוצט ווערנ אינ העברעיִשע טעקסטנ ווענ מע פלעגט א שווערנ וואָרט פארטײַטשנ אפ יִדיש צי אפ אַנ אנ־ער שפּראכ.

„די ייִדישע געלערנטע האָבן זיך געפּלײַסט צו באַווײַזן מיט א ו י ס ע ס א ו מ ו י פּ ס י ם, אַז אויך פֿאַר אַנדערע פֿעלקער טויג נאָר ווי ס'איז דער מאַרקסיזם, איז פֿאַר ייִדן—בעשומויפֿן ניט" (ש 28).

„דערפֿאַר האָט געשטראַלט פֿון גליק דער רעדאַקטער פֿון „טאָג" מיט זײַנע מיטאַרבעטער, וואָס אַרום זייער קרעמל האָט זיך פֿאַרזאַמלט דער א י י ר ע ו ו ר א ו ו פֿון דער איסט־סײַד, די צוקונפֿטיקע קוינים פֿון זייער „פּײַפּער" (צײַטונג) (ש 30).

„אינעם דאָזיקן קאַמף האָט זיך אַרײַנגעמישט דער פּרעזידענט קולידזש ב י ק ו ו י ד ע א ו ב ע צ מ ע" (ש 28).

„אַליינ" — צו שוואַך.

„צופֿיל פֿאַרנעמענ מיר זיך מיט ה י ל כ ע ס קאָמפּלעקס" (אָ 28).

„געזעצנ" — ווערט פֿאַרלאָרנ די איראָנישקײַט.

„...די נאָטירלעכע פּײַנטשאַפֿט פֿונעם גאַנצנ שוואַרצנ כ ו ט ־ ה א מ ש ו ל ע ש ד י ק נ בלאָק—שטרײַמל, מאָגנ־דאָוויד"... (ע 28).

„מיר דאַרפֿנ ניט ק י נ „מ ו ש ל ע מ" (ש 30, וועגנ פּאָליטעכניזירונג פֿונ דער שול).

„די ערשטע זאַך ערלויבט מיר אײַך צו פֿרעגנ: מ י וו א מ י האגרופּע" (וועקער 24).

„ווער און ווער" — פֿילט זיך ניט די איראָנישקײַט פֿונעם כומעשדיקנ: „מי ומי".

„וועט שוינ זײַנ פּאַרטיי (וועלכע באַשטייט אַגעוו פֿונ א מ י נ י ע נ מענטשנ) פֿאַרכאַפּנ די מערהײַט". (ש 28)

„א צענדליק, א טוץ, א האַלב טוץ" — ס'איז דוכט־זיך אַלץ ניט דאָס.

„... און דאָך האָבנ זיי אַפּילע אַזאַ ראָשע, ווי אַלעקסיי טאָלסטאָי געלאָזט פֿרײַ און האָבנ אַפֿ אים ניט מעקאַיעם געווענ די מ י צ ו ו ע מ א ל ק ע ס..." ע 29, ליטוואַקאָוו).

„[בריוועלעכ] אָנגעשריבנ... אינ רוסיש מיטנ ס י ג נ ו נ פֿונ א ייִדישנ מאַסקיל וואָס האָט זיך געלערנט אָפּנ „וואָסכאָד" (אָ 28).

„סטיל, שניט" האָט ניט דעם ספּעציפֿישנ געשמאַק פֿונ „סיגנונ", אָבער „סיגנונ" איז פֿאָרט אומבאַקאַנט!

„כ. קאַנטאָר האָט אינ „עמעס" אַרויסגעלאָזנ א סיגנאַל „פּ ל י ש ט י ם אָ ל ע כ אָ, קאָמפּלעקס" (ע 28, צווייג).

„פּלישטים גייענ אַפֿ דיר" איז פּונקט אַזוי ניט פֿאַרשטאַנדיק, ווי „פּלישטים אָלעכאָ", מע דאַרפֿ זוכנ דעם פּאַסיקנ אויסדרוק ערגעץ אינ אַנ אַנדער ריכטונג. (קאָמפּלעקס, מע האָט זיך גענומענ אַפֿ דיר!)

„בריִאַנ, טשעמבערלענ, שטרעזעמאַנ זײַנענ מיטאַמאָל געוואָרנ „ק ו י ה א נ י ם" פֿונעם וועלט־שאָלעמ" (ע 28).

„גאַלאָכימ" טויג ניט, „פּריסטער" וואָלט געטויגט, נאָכ ס'איז ניט פֿאַרשטאַנדיקער ווי קויהאַנימ. אַגעוו ריזיקירט דאָ דער שרײַבער, אַז מע זאָל אופֿנעמענ „קויהאַנימ" אַלס הײַנטיקע קויהאַנימ (ד. ה. מענטשנ וואָס דוכענענ?

צי וואָס האָבן א נאָמען פאר קײסאָנים?) בייס דאָ מיינט מען די אמאָליקע גאלאָכים פון בייסאמיקדעש.

מיר שטייען פאר אן אופגאבע: שאפן א העברעיִש־פרײַען איראָנישן סטיל צו פארבײַטן דעם איראָנישן באנוץ פון העברעיִזמען.

זאָל מען עס ניט פארשטיין מעכאַניסטיש. א סטיל אזא קען שאפן ניט דער לעקסיקאָלאָג אָדער גראמאטיסט, נאָר דער שרײַבער, רעדנער, קריטיקער. צוליב דעם דארף ער, ערשטנס, וועלן עס טון (דעריבער פאָרמולירן איך די אופגאבע און אגיטיר פאר איר), צווייטנס פארמאָגן גענוגיקע שפראַך־רעסורסן. דער לינגוויסט קען נאָר דאָ קומען צו הילף.

6) צוליב קינסטלערישער כאראַקטעריסטיק פון אָרט און צײַט מוז מען אמאָל אָנקומען צו העברעיִזמען (רעליגיִעזע טערמינען, טערמינען פון אלטן שטייגער). דאָ זײַנען זיי אָפט בארעכטיקט. מע דארף אָבער דאָ אויך ניט פארגעסן וועגן דעם לייענער, וואָס וויים ניט די העברעיִשע אויסדרוקן; אָפט דארף מען די העברעיִזמען פארטײַטשן, און ווו מע קען — בעסער פארבײַטן אף זייער איבערזעצונג.

בײַשפּילן:

„עס גייען אין קאָלעקטיוו אויך אזעלכע, וועלכע ווילן דורך זייער צײַט־ווײַליקער ארבעט אין קאָלעקטיוו ריינוואשן זיך פון אוויירעס“ (אָ 28).

„און אָט דידאָזיקע אלע „הייליקע“ פאריינ־מיטגלידער, די אלע טילים־זאָגער, איינ־יאנקעוו־לערנער, מיקווע־גייער, אָנהענגער פון ראבייינו־טאמס טפילן און נאָך פיל אנדערע טעלער־לעקער האָבן מיר אליין, אדאנק אונדזער נאכלעסיקײַט, מעזאקע געווען מיט וואלרעכט...“ (אָ 28).

„איז אָבער די רעבעצן ניט פויל און גיט צו וויסן דעם שטעטל, אז אף שכיטע איז זי דער באלכאזאָקע“ (ש 28).

„פּאָטער געוואָרן פון די בלוטזויגערס און באלצדאָקעס“ (ש 8).

„...ווער מיט בראָכעס, ווער מיט קלאָלעס, ווער מיט א לעפל לינדזונ האָבן געהאָלפן שטיקן די ארבעטסלאָזע באוועגונג“ (ש 28).

„דעריבער וועלן אונדזערע טוער מוזן פירן א ענערגישן קאמף מיט די טאקיפים, מיט די קלייקוידעש“ (אָ 28).

„אין שטעטל באלעבאטעוועט נאָך דער ראָוו מיט זײַן כאזאָקע“ (ע 28).

„פריִער פלעגט א יידיש קינד וויסן נאָר דעם כיידער“ (ע 28).

„די אלטע באקאנטע גאבעאָים קלײַבן געלט אף לעכעם־עווייוינים“ (ש 28).

מע מעג צוגעבן א פארטײַטש: „ברויט פאר אָרעמע לײַט“.

„צו די עלטערע פינקאָסים וואָס געפינען זיך אין רעשוס פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע, איז איצט צוגעקומען דער טאָלאָטשינער פינקעס“ (ע 28).

מע מעג דערקלערן, וואָס דאָס איז.

„בא אונדז איז ניטאָ קיין ספעציפישע קאסטע קולטור־טרעגער, ווי עס איז געווען אמאָל, א מין באזונדער ארט קויהאנים־גדולים“ (אָ 28, אָרשאנסקי).

אַן אומגעלונגענער פאַרגלײַך; „קויהאַנים גדולים“ (בעסער: קויהען־גאָדלס) זײַנען ניט געווען קיין קאַסטע, וואָרעם איינצײַטיק איז געווען נאָר איין קויהען־גאָדל.

„אין די אוראַלטע צײַטן האָט מען געגלויבט אַז דער מענטש קען ווערן אַ „ר ו י ע ו ו ע ײ נ ע נ י ר ע“ (ער וועט זען, נאָר אים וועט מען ניט זען“) (ש 28).

דער העברעיִזם עפּשער איבעריק — גענוג דער פאַרטײַטש.

„די יידישע פאַנטאַזיע איז ניט געגאַנגען ווײַטער פון ש״י אוילעמעס“ (אָ 28).

פאַרטײַטשן מוז מען, אָבער מען קען זיך באַגרענעצן מיטן יידישן פאַר־טײַטש אַליין: ניט געגאַנגען ווײַטער פון „דרײַ הונדערט מיט צען וועלטן“.

ניט שטענדיק זײַנען העברעיִזמען אַ מיטל פאַר כאַראַקטעריסטיק פון אַ סוויווע. אָט וואָס עס זאָגט אַזאַ סטיל־מײַסטער ווי מוישע נאַדיר וועגן קאַזאַקעוויטשעס איבערזעצונג פון דער פּיעסע „ראָזיטאַ“, וואָס איז געשטעלט אין כאַרקאָווער יידישן מעלוכע־טעאַטער:

„די לאָשנקוידעשדיקע ווערטער פּאַסן ניט פאַרן פּאַסטאָר און ניט פאַר די „קאַרנאַוואַליסטן“. די „פּײַערלעכקײַט“ און „הויכקײַט“ פונעם גאַלעכס רייד קען דערגרייכט ווערן מער דורך טײַטש־כומעש, ווי דורך לאָשנקוידעשערײַ“ (ש 26).

7) פון לאַנגען איז אָנגענומען צו זאָגן אין העברעיש אייפעמיזמען פאַר יידיש.

אייפעמיזם הייסט אַ „שענערער“ וואָרט, וואָס דינט צו פאַרבײַטן אַ גראָבן, אַ „מיִעסן“. די סאָציאַלע פונקציע פון די אייפעמיזמען איז נאָך דוכט־זיך ניט גענוג קלאָר. אין אַמאָליקע צײַטן זײַנען זיי געווען אומגאַקינט. אין ביבל, יאַשטייגער, טרעפן זיך אַזעלכע „מיִעסע“ רייד, וואָס וואָלטן הײַנט ניט געקענט פיגורירן אין קיין ליטעראַרישן ווערק. אָבער הײַנט פילן מיר אַ טיפע און צווינגענדיקע בײַטעוודיקײַט אויסצומײַדן אַנצורופן געוויסע זאַכן מיטן דירעקטן נאָמען און מיר זוכן פאַר זיי אָדער אַן איבערגעטראָגענעם נאָמען, אָדער אַ נאָמען גענומען פון אַ ווייניק באַקאַנ־טער שפּראַך. דער נאַטירלעכסטער אָרט, וווהין זיך צו ווענדן נאָך אייפעמיזמען פאַר יידיש, איז געווען העברעיש — די שפּראַך פונעם לאַמדן, וועלכע איז פרעמד דעם אַמהאָרעץ.

אַזוי־ווי אָבער איצט זײַנען לאַמדאָנים ווייניק (און ניט אין זיי איז די צײַטונג פאַרינטערע־סירט), — איז וואָס קומט אַרויס, אַז מע שרײַבט אַזוי:

„אַמייגסנע קינדער לײַדן פון שילשל און פאַרשיידענע מאָגנקראַנקײַטן“ (ש 28)?

דאָ איז טאַקע דער „מיִעסער“ וואָרט אויסגעמיטן, אָבער דעם שיינעם וואָרט וועט דער לייענער ניט פאַרשטיין.

אייפעמיזמען דאַרף מען איצט נעמען ערשטנס פונעם אינטערנאַציאָנאַלן גריכיש־לאַטייניש־ן רעזערוו, צווייטנס — פון די רוסיזמען פון דער לעבעדיקער שפּראַך (שילשל — פּאָנאָס), דריטנס — פון דער יידישער אומגאַנג־שפּראַך (שילשל — ווייכער מאָגן).

„זיי וועט איר עס טרעפן... אַף אַן אָפּערעטקע, געוויינטלעך, ווו עס ריינט פּעט נוול־פּע“ (ש 28) ניוול־פּע — מיִעסע רייד [1]).

8) ווײַטער איז פאַראַן העברעיִזמען, וואָס ווערן באַנוצט, ווײַל מע האָט ניט קיין אַנדער וואָרט — און דאָך זײַנען זיי שלעכט. דאַרף מען עפּעס צו־טראַכטן.

---

[1]) זאָל מען זיך ניט טשעפּען דערצו, וואָס „ניוול־פּע“ האַלט איך פאַר אַ העברעיִזם און „מיִעסע רייד“ פאַר אַ באָשעפן יידישן אויסדרוק. דאָס וואָס „מיִעס“ שטאַמט פון העברעיש, איז אַבסאָליוט ניט וויכטיק. העברעיִזמען זײַנען שלעכט ניט דערמיט, וואָס זיי שטאַמען פון העברעיש נאָר דערמיט, וואָס זיי זײַנען פרעמד (שפּראַכלעך און אידעאָלאָגיש).

דאָס איז אַ וויכטיקע אַרבעט פאַר אונדזערע שפּראַך־פּראַקטיקער און שפּראַך־טעאָרעטיקער.

ווען אױף דער ערשטער אומפּאַרטייִשער ייִדישער אַרבעטער־קאָנפערענץ אין מאָסקווע (1929) האָט אַ כאַוועריטע געפאָדערט, מע זאָל אויסשליסן פון ייִדישן לעקסיקאָן „הישטאַדלעס, מעניִע, העיוים, לאַכלוטן, מאַסקים״ און נאָך און נאָך — האָט זי איינער אַ פרעג געטון:

— איר ווילט פון אַ לאָך מאַכן אַ קעשענע?

די פראַגע איז שאַרפזיניק. אָבער שאַרפזיניקע דאַך באַדינען ביידע צאַדן[1]: די קעשענע דאַרף מען טאַקע מאַכן פון מאַטעריע, אָבער ניט פון קיין אַלטן פּאָרויכעס[2].

9) נאָך אָט־די אַלע גרופּעס העברעיִזמען (העברעיִזמען קעדיי אויסמײַדן רוסיזמען; העברעיִזמען אַלס סטיליסטישע נאַשעריַי; העברעיִזמען צוליב איראָניע, צוליב אָרטיקער אָפּפאַרבונג; העברעיִזמען פאַר נויט א. א.) — בלײַבן נאָך אַסאַך העברעיִזמען, וואָס שפּילן ניט קיין שום נוציקע סטיל־סטישע ראָליע, וואָס איבערזעצן זיי (אפילו ניט מיט אַ טרייפן רוסיזם) איז ניט שווער, וואָס די שפּראַך פאַרשווערן זיי און מאַכן זי ווײַניקער פאַרשטאַנדיק, און וואָס פונדעסטוועגן באַנוצט מען זיי — כ׳וויים ניט פאַרוואָס. פאַר אינערץ? אָדער מע האַלט, אַז ס׳איז קיין בייז ניט? אָדער מע מיינט עפּשער, אַז זיי זײַנען שענער?

אַביסל ווערטער פון די גרופּעס 8 און 9 (קימאַט נאָר פון צײַטונגען) אינעם דריטן קאַפּיטל.

## III. העברעיִזמען אין דער סאָוועטישער ייִדישער פּרעסע און ליטעראַטור

### סובסטאַנטיוון

„צום סאָף פון צווייטן קוואַרטאַל ווערט שוין אויסגעפילט דער פּראָם־פינפּלאַן מיט אַן אוידעפ״ (אָ 30).

אוידעפ — העכערונג.

„אויסער דעם, וועלן באַ די אויפל־שטיבלעך געעפנט ווערן קינדער־פלעצער פאַר קינדער אין עלטער פון 2—3 יאָר״. (אָ 26).

בעסער: זויגקינדער־היימען, זויגקינדער־שטיבלעך, אָדער קירצער — זויג־היימען.

מיר פערזענלעך איז „אויפל״ פון דער לעבעדיקער שפּראַך ניט באַקאַנט, און „אויפעלע״ — נאָר מיט עמאָציאָנעלער באַפאַרבונג (צערטלעכקײַט), וואָס דאָ, אין דער צײַטונג־פּראָזע, איז זי ניט אויף אָרט.

---

1) אַז שוין „צאַד״ — איז „צאַדן״, ניט די אויסטערלישע „צדאָדים״.

2) פּאָרויכעס — אַ פאָרהאַנג אין אַ בעסמעדרעש, איבער דער „הייליקער שאַפע״.

„א י וו ר ע, פּאָליט־א י וו ר ע, שוואַכ־א י וו ר ע נ י ק ע ס" (שט. 25), אָנ־א י וו ר ע ד י ק.

א וואָרט פונעם אַלטנ קולטור־שטייגער (כיידער), צוגעפּאַסט צו א נײַעם באַגריפ. איז מאָנעשעכ: פאַר יענעם, וואָס ווייס, וואָס „איוורע" איז, קענ אַזאַ „איבערפאַרבונג אַפּ רויט" זײַנ פּײַנטשאַפטלעכ, אָדיִעז; פאַר יענע, וואָס ווייסנ ניט, איז דאָכ „איוורע" יעדנפאַלס ניט נעענטער, ניט „ייִדישער", ווי גראַמעטע [1].

„אינ מעשעכ פונ פאַרגאַנגענעמ יאָר איז אונדזער לײַ־אונ שפּאָר־קאַסע אויסגעוואָקסנ אינ ק א מ ע ס אונ... אינ א י י כ ע ס" (ע. 28).

איכ בינ מאַסקימ מיט כ׳ קאַמענשטיינענ [2] אַז מע דאַרפ אײַנפירנ „וויפל־קײַט" אונ „וויִאַזויקײַט"; די ווערטער וועלנ אינ אַביסל צײַט אַרומ קלינגענ אַזוי נאַטירלעכ, ווי די אַנטשפּרעכיקע רוסישע אָדער אוקראַיִנישע ווערטער.

פאַרשטייט זיכ, אַז „קוואַנטיטעט" אונ „קוואַליטעט" בלײַבנ אינ דער שפּראַכ, אָבער דאָס זײַנענ שווערע אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, ד. ה. ניט שטענדיק זײַנענ זיי פּאַסיק.

א פּ י ק ו י ר ע ס, א פּ י ק אָ ר ס ע ס (דאַרפ באַטראַכט ווערנ אַלס העברעיִזמ, וואָרעמ פונ זײַנ פאַרבינדונג מיטנ אַלט־גריכישנ עפּיקור, עפּיקורעיִזמ ווייסנ נאָר לינגוויסטנ). דאָ איז געביטנ א טייל פונעמ באַטייט — די עמאָציִאָנעלע אָפּפאַרבונג: פריִער האָט עס געהאַט א נעגאַטיווע אָפּפאַרבונג (אויכ איצט — בא געוויסע שיכטנ), איצט, פאַר אונדז, האָט עס א פּאָזיטיווע אָפּפאַרבונג. אַזאַ איבער־עמאָציִירונג איז ניט קיינ זעלטענע דערשײַנונג (פּרג. בורזשוא, אָדער דעמ רוסישנ безбожник). אָבער דער וואָרט אַליינ קלינגט איצט פרעמד אונ שווער.

בעסער אויסנוצנ דעמ וואָרט „אַנטירעליגיִעז" (עפּשער „אַנטירעליגיִעזניק" פאַר „אַפּיקוירעס", „אַנטירעליגיע" פאַר „אַפּיקאָרסעס"?).

„דאָס אַלצ ווירקט, אַז מיר זאָלנ אויסאַרבעטנ וואָס מער, אָנזאַמלענ וואָס מער א ש י ר ע ס" (ע 25).

פאַרוואָס ניט „רײַכקײַט"? (אָדער, מיטנ פאַרעלטערטנ סופיקס, „רײַכ־טימער"?)

„כאָטש קיינ צאַוואָע האָט זיי קיינער ניט איבערגעלאָזנ, נאָר געטיילט זיכ מיט דער יערושע האָט מענ פּײַנ, וואָס פּײַנ הייסט. דער ערשטער פלעג באַ־קומענ דער „אָ ד נ־ב ע פ אָ ק ד ע כ", אַליינ, כאַרקאָ, דער דירעקטאָר פונ כער־סאָנער אָפּטיילונג „טעקסטיל־האַנדל" (ש 27).

איכ סאָפּעק זיכ, צי די איראָניע וועט דערגיינ צומ גרעסטנ טייל לייענער פונ „שטערנ".

---

[1] „גראַמעטע" צי „גראַמאָטע"? דאָס איז שוינ א קלייגלעכע פראַגע, וואָס מעג געלייזט ווערנ ווי אַנ אָרטאָגראַפישער סאָפּעק.

[2] שריפטלעכע אונ מינדלעכע אַרויסטרעטונגענ.

פאר кулак האָט מען איינגעפירט באַלעגופ[1], דערפון באַלעגופּנ־טום, אנטבאַלעגופּעווען. א דײַטשישע צײַטונג שרעקט זיך ניט פארנ רוסישנ „קולאק" און „מיר יידנ" מוזנ האָבנ אנ „אייגענעם" באַלעגופ מיט העברעיִשנ ייִכעס!

„די מעטאַליסטנ האָבנ אָפּגעוואָרפנ דעם פּסאק פונעם בוירעריִמ־געריכט" (ש 28).

פרג: „די מעטאַליסטנ... האָבנ אָפּגעוואָרפנ דעם ארביטראַזש־באַ־שלוס" (ע 28).

קלאָר, אז בעסער אנ אינטערנאַציאָנאַלער וואָרט, וואָס דערנעענטערט אונדז מיטנ פּראָלעטאַריאַט פונ אנדערע פעלקער, איידער א העברעיִזמ, וואָס דערווײַטערט.

„אסאַך וואַנט־צײַטונגענ הייבנ אָנ פארלירנ זייער אווטאָריטעט. די ארבע־טער קוקנ אפ זיי מיט ביטל" (ש 18).

עפשער בעסער „גרינגשאַצ" (צי „גרינגשעצונג").

„די בכוירע אָפּגעבנ דער פאַמיליע, וועלכע איז געננג ארבעט־פעיִק" (ש 28).

„י. שאַצקי ווײַזט ארויס א בקיִעס אינ דערדאָזיקער פראַגע" („רויטע וועלט" 2—1 № 1930).

בקיִעס — באַהאַוונטקײַט, ערודיציע.

„דער האָלענדישער אפטייקער... האָט... דערזענ אינ מיקראָסקאָפּ א נײַע... וועלט... פונ קליינע ברוימלעכ" (ש 28).

„ברוימלעכ" איז „באַשעפעניִשנ", אָבער „באַשעפעניִשנ" טויג אויכ ניט (ז. דעמ ארטיקל וועגנ רעליגיע).

„דאָ שטעקט אי ליגנ, אי גאַדלעס־מעשוגאַס" (ע 29, ליטוואַקאָוו).

א שווערער צונויפזאַצ פונ צוויי העברעיִשע טיילנ[2]; מע קענ פארבײַטנ אפ גרויסקײַט־מאַניע, עפשער בעסער גרויס־מאַניע[3].

„קרויווים — גויאַלימ... רופט זיכ אָפּ!" (אָ28).

גויאַלים — נאָענטע.

„די ראָל פונ אזויגע פירער... וואָס לייגנ א שטעמפּל אפ א גאַנצער עפּאָכע, — דאָס איז די ראָל פונ געוינימ".

[1] די ערשטע צײַט פלעגט מענ שרײַבנ „באַלגופ" אונ די מערצאָל „באַלעגופימ"; די מערצאָל־פאָרמע האָט געווירקט אפ דער איינצאָל־פאָרמע אונ דידאָזיקע האָט באַקומענ אנ ע: באַ־לעגופ. דאָס האָט אביסעלע פארבעסערט דעמ וואָרט.

[2] ווענ כ'האָב עס געלייענט צום ערשטנ מאָל האָב איכ עס אופגענומענ פאר א „סמיכעס", מיטנ אקצענט אפנ צווייטנ טייל אונ ניט געקענט פארשטיינ כ'האָב געמוזט איבערזעצנ יעדנ טייל באַזונדער אפ יידיש, קעדיי צו דערגייִנ, אז ס'איז א גערמאַנישער צונויפזאַצ, מיטנ אקצענט אפנ ערשטנ טייל.

[3] אָדער „גרייס־מאַניע"; „גרויס" איז דאָ אנ אדיעקטיוו־טעמע (גרויס־מאַניע — א מאַניע אז מע איז גרויס), „גרייס" — א סובסטאַנטיוו־טעמע.

פארבײַטן דעם אינטערנאַציאָנאַלן וואָרט „געני"[1]), אפּן ענלעכ קלינגעגדיקן העברעישן „גאָען, גאוינים" דערמאָנט אָן די קונצשטיק פון אמאָליקע העב־רעיִסטן: טעלעגראַפ — דלוג רב, דעפּעשע — דע פּתע[2]).

„באַם איצטיקן מאָמענט איז ער א וואַל־געפּאָסלט ער..." (אָ 29).

דאָ איז אי א העברעיִזם, דערצו נאָכ פון רעליגיִעזן געביט, אי א לאַנגער וואָרט, אי אַן אַדיעקטיוו אַנשט. א סובסטאַנטיוו. „לישענעצ" איז נאַטירלעכער און גרינגער.

„די מאַסן אַרבעטער און פּויערים זײַנען געוואָרן ג י י ר י ם אפּן געביט פון קולטור־שאַפונג" (ע 21).

„און אַז ד א כ ק ע ס איז גרויס... האָט מען פּאַר גרויס לאַנגווײַל פּרי באַסענע" (אָ 28).

„קאָמוניסטן — 244, ד א ל ע ס נ י ק ע ס — 3072, מיטעלע 363..." (קאָמפּאָן).

„אין שטעטעלע... האָבן זיכ 2 ברידער צעקריגט, געוואָרן ד א ם ס אָ נ י ם" (ש 28).

דאַמסאָנים — בלוטיקע סאָנים, אפּ שטאָכ־מעסער.

„די יידישע אַרבעט דאַרפּ אָנהייבן צו עטעמען מיט פרישע לופט און שטאַרקער דאַרפּ זיכ באַוועגן איר ד ו י פ ע ק (ע 28).

„פּראָפּאַריינען... גיכ וועט איר דאַרפן געבן ד י נ־ו ע כ ע ש ב נ, אפּ וויפל האָט איר אויסגעפּילט דעם שלאָג־לאָזונג" (ש 28).

געבן דינוועכעשבן — געבן א באַריכט, זיכ אָפּרעכענען.

„...די לערער איגנאָרירן ניט די קאָמפּלעקסישקײַט פונעם אונטעריכט און היטן זי אָפּ אין אלע אירע פ ר אָ ט י ם און מיט אלע ד י ק ד ו ק י ם" (אָ 28).

דיקדוקים—פּישטשיוקעס, פּראָטים—אײַנצלהײַטן.

... אויסשטעלונג „די היסטאָרישע ד ר אָ כ י ם פון דער רויטער אַרמיי פּאַר 10 יאָר" (ע 28).

„מיליטערישע ה א כ אָ נ ע ס אפּ דער אינדישער גרענעצ" (ש 28); אין דערזעלביקער צײַטונג:

„ענגלישע מיליטערישע צ ו ג ר י י ט ו נ ג ע נ אפּ דער אינדישער גרענעצ" (ש 28).

„מיר דאַרפן זיכ... פאַרטראַכטן... וועגן דער... ה א כ נ אָ ס ע ד י ק ײַ ט פון אונדזער לאַנדווירטשאַפט" (ע 28).

„ס פּ ע צ־ה א ל ב אָ ש ע" (קאָמפּאָן 22).

„פּלוצלינג עפּעס א ה א מ ו י נ־ר אָ ו, ערשט פון דער אַרבעט" (אָ 28).

„האַמוינ" איז עפּשער פאַרשטאַנדיק, אָבער דער „ראָוו" איז דאָ געוויס איבעריק; מע קען זאָגן: א גרויסער האַמוינ.

„נאָכ אפּ א ה א מ צ אָ ע זײַנען געפּאַלן די רעפּאָרמיסטישע פירער פון דער „היסטאַדרוט" (ע 28).

[1]) ס'קען שטיין א פראַגע וועגן דער פּאַטעטישער געשטאַלט פונעם וואָרט: געני, געניע צי אַגדערש?

[2]) און אָן יענעם רוסישן פּוריסט, וואָס פאַרבײַט блокада אפּ обклада.

האמצאָע — אײַנפאַל, שפּיצל.

„באַזונדער האמצאָעדיקײַט מיצאַד דעם לערער" (פּעד. ביול. № 2 1923).

האמצאָעדיקײַט — געפינעװודיקײַט, אײַנפאַליקײַט (?)

„האנאָכעס" באַנוצט מען אַמאָל פאַר „לעהאַטעס", אַמאָל פאַר „טעזיסן"

„האנאָכעס (להאַטעס) צום פּריזיװ פון 1924 יאָר" (קאַמפּאַנ 24).

„װ. מ. פריטשע האָט מיט זײַן פּראַקטישער ליטעראַרישער אַרבעט באַװיזן די ריכטיקײַט פון פּלעכאַנאָװס האנאָכע" (אָ 30).

„זיי [די יידישע מאַסן] װעלן זיך צו דער נײַער האסכאָלע באַציִען מיט פולן צוטרוי..." (ע 28). געמיינט רוסישע начинание.

„קעדיי אַראָפּצוררײַסן די האשפּאָע פון די קלייקוידעש אַף די אָרעמע קינדער, האָט דער קאָמיטעט אויסגעגייט פאַר זיי 26 פּאָר שטיװל..." (ע 28).

„דער באַשלוס... זעט ניט פאָר קיין הויסאָפּע צום אַרבעט־לוין" (אָ 28).

„עס זײַנען באַקומען געװאָרן פאָלגנדיקע הויסאָפּע־יעדיִעס װעגן די װאַלן אין פּוילישן סיים" (ע 28); אין דערזועלביקער בלאַט: „צוגאָב־יעדיִעס װעגן דער צאָל שטימען".

„דער אַרבקאָאָפּ האָט פאַרקלענערט די הויסאָפּע־פּרײַזן אַף מאַנופאַקטור — פון 18,6 ביז 14,78 פּראָצענט" (ש 26).

„צו אַנערקענען אירע היסכײַװעסן בענעגייע..." (אָ 27).

„און מיט װאָס פאַר אַ היסלײַװעס זי דערציילט עס איצט, װי די אַלטע קלאָרע צעטקין און כ־טע קרופּסקע האָבן באַגריסט..." (ש 28).

„מע האָט געדאַרפט זײַן אין װיטעבסק... קעדיי מע זאָל דערפילן די היסלײַװעס, מיט װעלכע די אַרבעטער האָבן אויפגענומען דידאָזיקע פּאָר־שטעלונגען" (ע 28).

היסלײַװעס — ברען, באַגײַסטערונג, ענטוזיאַזם.

„די מעלוכע... האָט ניט גענוג רעסורסן אַף צו באַפרידיקן אַלע נייטיקע היצטאַרכעסן" (אָ 28).

„העמשעכ פון דער 1־טער זײַט (ש 28).

„דערבײַ גייען... פאַרשלאַגן... װעגן גרויסע װערק אין העמשויכים"[1] (ש 28).

„די יידישע קליינע בורזשואַזיע אין איר גאַנצן העקעפ און אומפאַנג באַשטייט פון פיר באַזונדערע שיכטן..." (ע 28)

העקעפ — אומפאַנג, אַרומכאַפּ, פאַרנעם.

„די װידע פון די 6 קטיאָנדזן איז געקומען דורך אַ נויט". (ש 28)

„דער „פאָרװערטס"... האָט געבראַכט אין באַװעגונג זײַן גאַנצן... אַרסענאַל פון קאָלערליי בילבולים און זילזולים" (ע 28).

זילזולים — זידלערײַ, זידלערײַען.

„...זכוס אָװעס װעט זיך מיִען, און דער שידעכ... צװישן „פאָלקס־צײַטונג און „הײַנט" װעט געשלאָסן װערן" (ע 28).

1) דאַרף זײַן „העמשייכים".

„עס נעמענ זיכ דאָס לעבנ זקיינימ אונ זקיינעס“ (ש 28).

זקיינימ אונ זקיינעס — אלטע מענער אונ פרויענ.

„דער וואָס לייקנט אינעם סאָציאליסטישנ כאראקטער פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, דער לייקנט מעמיילע... אינעם רעוואָליוציאָנערנ טאמציס פונ דער היסטאָרישער איבערקערעניש“ (ע 28).

„דאָס איז קוידעמקאָל נעגייע דעמ טאקיפערנ, דעמ ביידל־סויכער“ (ע 28).

„מע טאָר... ניט מיינענ, אז דער פארגרעסערטער פאָרמאט וועט ווירקנ אפנ כאראקטער פונ אונדזער צייטונג, אָדער ענדערנ איר טאָכ“ (ש 28).

„דער שאמעש, א זאָקנ א טאָמימ פארענטפערט זיכ“ (ש 28).

„... וואָס איז א טויצאָע, א וויטערדיק, העכער טרעפל“ (קאָמפאָנ 22, פיינבערג).

טויצאָע — רעזולטאט, קאָנסעקווענצ, (עפשער, „ארויסגעקומ“?)

„די אלע געשטאלטנ זיינענ טוישווימ דאָ“ (גאָדינער).

טוישווימ — אלטגעזעסענע, אלטבירגער, איינגעבירגערט.

„ניט געקוקט אפ דער טוויע פונעמ פראנצויזישנ באנק...“ (ע 28)

טוויע — מאָנונג, פאָדערונג.

„מיכאָעלס האָט צומ ערשטנ מאָל אפ דער סצענע געשאפנ דעמ ביניאָמינ־טיפ, אָט דעמ טיפ טונעיאדעווקער דאָנ־קיכאָט. מענדעלע האָט דאָ בעפיירעש באקומענ א טיקנ, פונקט ווי ער האָט געפונענ א טיקנ אויכ אינ זוסקינענ“ (ע 28).

„נאָר בא אונדז באקומענ זיי [מאָטיווּנ פונ דער יערושע פונעמ יידישנ סאָציאליסטישנ געדאנק, אפילע אינ זייגע העברעישע אויסדרוק־פאָרמענ] זייער עמעסנ טיקנ אונ ווערנ א ווערקצייג פאר נייע פראָלעטארישע קולטור אינ א יידישער פאָרמ“ (פראָליט 1929 № 1, נעפאָמניאשטשי).

„טיקנ־טאָעס“ (ש 28, ש 30).

פרג: „פעלער־אויסבעסערונג“ (ש 29).

געוויינלעכ שרייבט מענ „דרוק־פעלער“, מיינענדיק: אויסבעסערונג פונ א דרוק־פעלער.

„... דיווירטשאפט נעמט אָנ פונ סאמע טכילעס א פראָגרעסיוונ כאראקטער“ (ע 28).

טכילעס — אָנהייב.

„... עס איז... אָנגעקומענ די טקופע פונ קאָלאָניאלע באפרייונג־רעוואָליוציעס“ (ש 28).

טקופע — עפאָכע, צייט, פעריאָד.

„די פירער פונ דער רעכטער אָפאָזיציע האָבנ דאנ אָנגעגעבנ זייער „טשווע־דעקלאראציע“ (ע 30).

„איבערגעפלויגנ פונ צאָפנ־יאמ אפ דער יאבאָשע“ (ש).

„אויסער „סאָסיראנ“ — אינ אלע פראָטימ א יויצע־דויפנ אינעמ טע־מאטיש איינהייטלעכנ ביכעלע“ (פראָל. 1 № 1929, סיאָמע).

„...נאָכ א ווינטער י ִ ש ע ו ו ה א ד א ס האָבנ זיי כאראָטע אפ זייער פארא־
יאָריקנ „אָפפאל" (ע 28).

יִשעווהאדאס — באטראכטונג, באקלערונג...

„אלטע יידישע ווערק זײַנענ געוואָרנ א י ע ק א ר ־ ה א מ צ ִ י ע ס" (ש 28).

יעקאר־האמציִעס — זעלטנהײַט, ראריטעט.

„די „פראָפעסיִאָנעלע רעוואָליוציִאָנערנ" האָבנ זיכ בא לענינענ געלערנט די
קונסט פונ צו גייג אינ אנ ענגער כ א ו ו ר ו ס ע איבער א סאקאָנעסדיקנ וועג
אונ ניט אויסגליטשנ זיכ" (אָ 28).

„טשאנ־קײַ־שי... פארהאנדלט... מיט דער יאפּאָנישער בורזשואזיע וועגנ
ארײַנשיקנ יאפּאָנישנ כ א ִ י ל קיינ כינע" (ש 28).

„פאָדערנ פונ די אימפּעריאליסטישע רעגירונגענ זיי זאָלנ אָפּרופנ זייערע
כ א י אָ ל ע ס פונ כינע" (ש 28).

כאיִל, כאיאָלעס — מיליטער.

„די דעמאָביליזאציע אונ רייניקונג האָט געשאפנ א גרויסנ כ אָ ס ע ר אינ
באשטאנד פונ קיִעווער מיליציע" (קאָמפאָנ 22).

כאָסער — א ו י ס פ ע ל.

„אינ צענטער שטייט די מעטאל־אינדוסטריע — דער כ ו ט ־ ה א ש ע ד ר ע פונ
אונדזער גאנצער אינדוסטריע" (אָ 28).

כוט־האשעדרע — רוקנביינ.

„טיילוויַיזע כ ל ו ק ע ד י י ע ס האָבנ זיכ ארויסגעוויזנ בלויז אינ צווייט־
ראנגיקע פראגנ" (ע 28).

כלוקעדייעס — מיינונג־פארשיידנקײַטנ (עפשער איז קעדײַ צו לאָזנ דעמ
העברעיִזמ צוליב זײַנ קירצקײַט?).

„פײַער אונ יאָנטעוו אונ כ ע ש ב נ ־ ה א נ ע פ ע ש" (פראָלעטארישע פאָנ 30,
פינינבערג).

„שפאק... איז באגאנגענ... ביז 10 גנייוועס פונ שטוב־כ פ י י צ י מ" (אָ 28).
כפייצים — זאכנ, פרג. אינ דעמזעלביקנ נומער „אָקטיאבער":

„די טעג האָט דער אויסשפיר־אָפּטייל געפונענ א טייל פונ די געגאנוועטע
ז א כ נ" (אָ 28).

„כ' ריקאָוו האָט געזאָגט: „וואָס ווילט איר? איכ זאָל קעמפנ קעגנ בוכא־
רינענ"? דאָס איז אָבער א קליינבירגערלעכע כ ק י ר ע אונ ניט קיינ כקירע
פונ אנ אָנפירער מיט דער פארטיי" (ש 30).

„כקירע" מיינט מענ דאָ: рассуждение.

„מיר... האָפנ, אז דידאָזיקע מיטיילונג וועט מאכנ א סאָפ צו אלע כ ש אָ ־
ד י מ, וועלכע עקזיסטירנ איצט" (ש 28).

כשאָדים — פארדאכטנ; וויִניקסטנס דארפ מענ כאָטש פארבײַטנ די
מערצאָל־פאָרמע (כשאדנ).

„האנטבוכ פאר אָנפירער פונ ל י ק אָ נ י ו ו ר ע ־גרופּעס" (ש 30).

„אַלץ האָט זיך גענומען פֿון א פּערזענלעכער מ א כ ל ו י ק ע ס" (ע 8 ס. זשוקאָווסקי).

מאכלויקעס — קריג, קריגערײַ, קאָנפֿליקט, רײַסעניש (עפּשער „צע־קריג"?)

„די צווייטע פראגע, וואָס איז הייס דעבאטירט געוואָרן, דאָס איז... וועגן די מ א כ ל ע ס פֿון אונדזער אפּאראט" (ש 28).

מאכלעס — קראנקײַטן, קרענק.

„אין רעזולטאט פֿון אָט דער ארבעט צווישן קינדער דארפֿן אופֿקומען נײַע מ א כ נ ע ס" (ש 28).

מאכנעס — אָטריאדן (צו דער יידישער פּאָגעטיק וואָלט זיך בעסער געפּאסט „אָטראדן", מיט א הארטן ר).

„עס איז געלונגען אײַנקויפֿן מאשינעס און מ א כ ש י ר י ם" (ע 28).

מאכשירים — געצײַג, אפּאראטן.

„מע דארף אוועקשטעלן שאפֿעס אפֿ ארײַנהענגען די מ א ל ב ו ש י ם" (ע 28).

מאלבושים — קליידער, קליידונג, אָנטאָן.

„די באנקירן־פּרעסע מיט איר סאלאָנעם פּאציפֿיזם און זייערע מ אַ ל ע ג י י־ר ע נ י ק ע ס האָבן שוין טריומפֿירט" (ע 28).

„מאָסמיטלען פֿאר געזונט מאכן דעם עקאָנאָמישן מ א צ ע ו ו פֿון דער יידישער באפֿעלקערונג" (ע 28).

מאצעוו — צושטאנד.

„די ג. פּ. או. האָט אופֿגעדעקט און ליקווידירט א קאָנטררעוואָליוציאָנערע מ א ש כ י ס י ם־אָ ר ג א נ י ז א צ י ע" (ע 29).

מאשכיסים — שעדיקער, שאָדנטוער, ווערדיטעלעס.

„די קוסטאר־ארטעלן זײַנען געוואָרן א גוטער מ אָ ק ע ם־מ י ק ל אָ ט פֿאר פֿארשיידענע געוועזענע" (ע 29).

מאָקעם־מיקלעט — באהעלטעניש, אויסבאהאלט, אנטלויף־אָרט.

„די ענגשאפֿט אין צוזאמענוווינונגען... איז אן איבעריקער מ אָ ק ע ר פֿון רײַסעניש" (ש 28).

מאָקער — קוואל, אָבער דאָ פּאסט זיך ניט „קוואל" און ניט „מאָקער"; ס'דארף זײַן — אורזאך, סיבע (א פּאָפּולערער העברעיִזם), אָדער א פּעריפֿראז מיט ווערב „פֿארשאפֿן".

„אים [דעם לערער] קומט אויס זיך ווענדן צו אנדערע מ ע ק ו י ר י ם" (ש 28).

מעקוירים — קוואלן.

„...אלע אָרטיקע אָרגאניזאציעס האָבן געדארפֿט מעלדן דעם צענטראלן לאָטעריי־קאָמיטעט וועגן די מ ו י ס ר ע ס" (ע 29).

„אלע מ ו י ס ר ע ס ברויט דער מעלוכע" (ע 30).

„אין כארקאָווער לאָקאָמאָטיוו־רעמאָנט־זאוואָד האָט די בריגאדע אפֿ צו געפֿינען מ ו י ס ר ע ס געפֿונען 250 טאָן מעטאל" (ש 30).

מויסרעס (סובסט) — אויסגעבליבן, איבערגעבליבן (אדיעקט), צ. ב. — וועג די איבערגעבליבענע בילעטן, דעם גאנצן אויסגעבליבענעם ברויט, די בריגאדע אפ צו געפינענ אויסגעבליבנס (?).

„היפנאָז הערט אופ צו זײַנ א מויפעס" (אָ 28).

מויפעס — װוּנדער, איבערנאטירלעכס.

„קארק איז פארנומענ געוואָרנ פונ די נאציאָנאלע מיליטער. די מוירדים זײַנען אָפגעטראָטן אינ אומאָרדענונג" (ע 22).

מוירדים — אופשטענדלער, בונטאָװשטשיקעס.

„אגעװ מוז ער [דער לערער] זײַנ ניט קיינ גרויסער מומכע אינ דעם בײַעם מעטאָד פונ לערנענ" (ע 28).

מומכע — װייסער, קענער, ספעציאַליסט.

„זיי [די יידישע פאָלקסמאַסן]... װעלנ... זיכ אָפּלערנענ דעם עמעסנ מוסער־האסקל פונ דער קלייקוידעש־פּאָליטיק..." (ש 28).

זיכ אָפּלערנענ א מוסער־האסקל — זיכ אראָפּנעמענ א מוסער (א מער פּאָפּולערער העברעיזם װי „מוסער־האסקל").

„איצט זײַנען זיי [קאראימענ—פאבריקאנטנ]... שטארק אראָפּ פונ מײַ־מעד" (ש 28).

„קיעװער שפּײַזלער װעלנ באקומענ העכער א האלבע מייע דירעס" (ש 28).

א האלבע מייע — א האלב הונדערט.

„74 מיספּאלעלימ־הײַזער אינ מינסק" (װעקער 24).

מיספּאלעלימ־הײַזער — געבעט־הײַזער, טפּילע־הײַזער („טפּילע" איז באַ־קאנטער װי „מיספּאלעלים"). פרג:

„אָנשטאָט א דאװנ־שול — װוינונגענ פאר ארבעטער" (ש 29).

„...אכוץ ראטנ־רוסלאנד ניטאָ קיינ מיקלאָט" („רויט. שט").

פרג. מאָקעמ־מיקלעט.

„בא א פארקירצטנ ארבעטס־טאָג ארבעטנ אויס 7 פאבריקנ דאָסזעלבע אינ איינ מישמוירע, װאָס ביז דער מילכאָמע אינ צװיי מישמוירעס" (ע 28).

„...צוליב דעמ, װאָס עס װעלנ געשאפנ װערנ מישמוירע־גרופּנ, װערט פארלענגערט דער אופנאמ פונ מעלדונגענ" (אָ 30).

מישמוירע — איבערבײַט, אומבײַט, װאכטע, סמענע.

„מישפאָטימ איבערנ כיידער" (ע 21), פרג:

„סיסטעמאטישע מישפעטנ איבערנ בוכ" (װעקער).

עמעס, „מישפעטנ" איז ניט שטענדיק באקװעמ, װײַל מע קענ עס אָנעמענ פאר א אינפיניטיװ. עפשער בעסער „געריכטנ"?

„דער צװייטער סאָװעטישער פּראָיעקט... האָט ארײַנגעטראָגנ נאָכ א גרע־סערע מעהומע" (אָ 28).

פרג.: „דער צװייטער סאָװעטישער פּראָעקט... האָט נאָכ ארײַנגעטראָגנ א גרעסערע צעמישונג" (ע 28).

„אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע לויט זײַנע אינערלעכן מ ע ה ו ס און לויט זײַן איקערדיקן באַשטאַנד...‟ (ע. 28).

מעהוס — וועזן.

„דער מ ע כ א ב ע ר פֿונעם דאָזיקן צעטעלע דערלאָזט איינציקע טאָעסן‟ (ש 30).

מעכאַבער — שרײַבער, אַוטער, צונויפֿשטעלער.

„און ענדלעך האָט ער [פֿערד] די טעג ווידעראַמאָל דערקלערט וועגן זײַן כאַראַקטער און האָט באַקומען א „מ ע כ י ל ע ג מ ו ר ע‟ (ע 28).

האָט באַקומען א „מעכילע גמורע‟ — מע האָט אײַנגעזען (אין דער פֿולער מאָס, ביז סאָף) מויכל געווען („מויכל זײַן‟ — א באַקאַנטערער העברעיִזם, ווי „מעכילע גמורע‟).

„דאָ... פֿאַרשווינדט אינגאַנצן די מ ע כ י צ ע צווישן ווײַסגוואַרדייער און פֿינישע אָרדענונג־היטער‟ (ע 28).

מעכיצע — צווישנשייד.

„טעכניש איז די פֿילם אויסגעפֿילט מיט גרויס געשמאַק... [דער] מאָנטאַזש... איז אינערגעץ ניט פֿאַרפּלאָנטערט... מיט שפּיצלעך פֿאַר מ ע פ ו נ אָ ק י ם‟ (ע 28).

מעפונאָקים — איידללײַט, געפּעסטעטע, גורמאַנען.

„ער ווערט אין דער לײַ־און שפּאַר־קאַסע א גאַנצער מ ע ק ו ר ע ו ו‟ (ש 28).

מעקורעוו — אייגענער מענטש, נאָענטער (איראָניש: רעב שמעלקע, פֿאַני־בראַט).

„זײַנען פֿון אַלע אָפּגעקליבענע מישפּאָכעס אַרויסגעפּאָרן מ ע ר א ג ל י ם אין די פֿאָנדן‟ (ע 30).

מעראַגלים — אויסקוקערס, אויסזוכערס, כאַפּאָקעס.

„דאָס צווייטע אָרט פֿאַרנעמט דאָס פֿאַמיליען־לעבן, פֿאַמיליען־שטײַגער, נ א כ ל ע ־ כ א ל ו ק ע ס‟ (ע 28).

„אַרענדירט קלײנע נ א כ ל ע ס ערד‟ (ע 28).

נאַכלעס — כאַלאָקים, אויטשאַסטקעס.

„די מעגלעכקײַט פֿון א קלײנער נ י ד כ ע‟ (ע 22).

נידכע — אָפּלייג, אָטסראָטשקע, פּראָלאָנגירונג.

„א כוידעש פֿון אופֿמאָנען די נ י ש ע ר ־ כ ו י ו ו ע ס (נעדאָיִמקעס)‟ („קאָמפּאָני‟).

„...דעם דאָרפֿקאָם קומט אויס אויסצושטיין אַלערליי נ ע ג י ש ע ס‟ (ע 28).

נעגישעס — אונטערדריקונגען, צאָרעס.

„האָפֿענונגען פֿון אוגדזערע סאָנים, אַז בײַ א שאַרפֿער נ ע ט י ע וועט אין פּאַרטיי פֿאָרקומען א שפּאַלטונג‟ („רויט. שט.‟ 21).

נעטיע — אָפּנויג, קער.

„נעטיע‟ ווערט אָפֿטער באַנוצט מיט אַן אַנדער באַטײַט:

„...די... דעמאָקראַטן ווײַזן ניט אַרויס קיין נ ע ט י ע אַרויסצוטרעטן... צוזאַמען מיט די ענדעקעס‟ (ע 18).

נעטיע — נויגונג, גרייטקײַט.

„ניט איבערגעלאָזט קיין ס אָ ר י ד ו פּ אָ ל י ט‟ (ע 27).

„דער טיפּ פון בערל שנײַדער (שטיינבאַך) מיט דער שטימ פון א סאָריס און דעם ווילדן אופּרייצעדיקן הוסט" (אָ 28, אָרשאַנסקי).

סאָריס — קאַסטראַט, יעוונוך (אָבער ביידע ווערטער זײַנען ווייניק באַקאַנט — פּונקט ווי „סאָריס").

„און דערום איז די איינציקע סגולע בא דער בורזשואַזיע — צו פאַרניכטן די קאָמוניסטישע באַוועגונג" (ש 28).

סגולע — מיטל.

„א טעאַטער פונעם סוג פונעם יידישן קאַמער־טעאַטער" (ע 21).

סוג — טיפּ, סאָרט, מין („מינ" — א באַקאַנטער העברעיזם).

„די פריִערדיקע פּעדאַגאָגיק האָט זיך באַזירט... אַפ אידעאַליסטישע סוואָרעס" (ע 28).

„דער לאָדזער שטרײַק זאָגט אָן א נײַע פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן־סטירעס" (ש 28).

פּרג: „דער לאָדזער שטרײַק סיגנאַליזירט בעליסאָפּעק די שטאַרקע פאַר־שאַרפונג פון די קלאַסן־ווידערשפּרוכן" (ע 28).

„דער הויפּט־פּונקט פונעם טאָג־סיידער... איז געווען דער פּאָליטישער באַריכט פונעם כ׳ טעלמאַנ" (ע 28).

טאָג־סיידער — טאָג־אָרדענונג.

„ווי נאָר עס קומט צוגיין אינ „דאָפר"... הייבט זיך באַלד אָן א סעדרע לגאָטעס" (ע 28).

„די סאָציִאַל־פאַרעטער האָבן זיך אָבער אָנגעכאַפּט אָן דעם ווי אָן אַנ עווענטועו" (ש 28).

עוועניטויוו — (אָפּטער עווענטואָוו) — דימענט.

„די רעגירונג האָט, אַפּאָנעם, באַשלאָסן ווידער ספּעקולירן אַפ דער מענטש־לעכער פּאַכדאָנעס" (אָ 28).

פּאַכדאָנעס — שרעקעוודיקײַט (?)

„... 72 טעג האָט דידאָזיקע פּאַן געפּלאָטערט איבער פּאַריז, אַרויסרופנדיק... האַס און פּאַכעד בא דער בורזשואַזיע" (ע 28).

פּאַכעד — שרעק.

„ניט קוקנדיק אַפ די אַלע פּוראָניעס. זײַנען מיך געווען זיכער אינ אונדזער ניצאָכנ" (אָ 28).

פּוראָניעס — אָנשיקעניש, צאָרעס, פּלאָגן.

„גאַנצע 44 עקז. אַפ דרײַ מיט א האַלבן טויזנט יידישע אַרבעטנדיקע. פּיירושים זײַנען איבעריק" (ש 28).

פּיירושים — אויסטײַטשונגען, קאָמענטאַריעס. „פּיירושים זײַנען איבעריק"— וואָס איז שוין דאָ צו ריידן.

„די פּעצעקעס... האָבן זיך צעלאָזן מיט פּילפּולים... אז קיין אַרבעטס־לאָזיקײַט איז אינ ערעצ־ייִסראָעל ניטאָ..." (ע 28)

„דידאָזיקע קליינפּראָדוקציאָנעלע סוויווע טיילט, נאַטירלעך, אויס פון זיך גענוג פּסוילעס־עלעמענטן, סײַ אין דער פּאַרטיי אַרײַן סײַ אינעם... אַפּאַראַט" (ע 28).

פּסוילעס — אָפּפאַל, אָפּוואַרף, עפּשער „אָפּוואָרף", וואָס זאָל דערמאָנען אָן „אויסוואָרף".

„פּראָטים וועגן דעם „מעס", וואָס איז אופגעשטאַנען „טכיעס האמייסים" (אָ 28).

פרג: אינעם זעלביקן נומער:

„אין אויסשפּיר־אָפּטייל... האָט זיך אונדזער מיטאַרבעטער דערוווּסט פּאָלגנדיקע איינצלהײַטן וועגן דער מײַסע נוירע" (אָ 28).

מע קען נאָך זאָגן: דעטאַלן.

„מענשעוויסטישע צוויִעס" (ש 28).

אין „מאָרגן־פרײַהײַט" אָפּט „היפּאָקריטסטוואָ". דער וואָרט איז פּאַראַנג בא האַרקאַווין, אים דערמאָנט יאַפּע, מיט אַזאַ אָנמערקונג:

„עס איז קעדײַ צו באַמערקן, אַז דער וואָרט היפּאָקריטסטוואָ איז אויך אַ ייִדישע נײַבילדונג — ער איז ניטאָ אין רוסיש, ניט אין פּויליש. קענטיק, האָבן די מעכאַברים אים געמאַכט פון פּוילישן hypokryt אָדער ענגלישן hypocrite. אין רוסיש איז עס ипокрит אָן דעם ר".

„דער צימצום פונעם מעלוכע־ביודזשעט" (קאָמפּאָנ 22).

צימצום — אײַנשרומפּונג (קלינגט אויך פרעמד), פּאַרקלענערונג, עפּשער אופליפּונג (וועגן וועש זאָגט זיך „עס לויפט אויף"),

„דער באַגײַסטערטער קאַבאָלאָס־פּאָנעם... האָט אַריבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען" (אָ 28).

קאַבאָלאָס־פּאָנעם —אופנאַם, באַגעגעניש.

„...די באַהויפּטונגען... וועגן אונדזערע קלוימערשדיקע קאַוואָנעס צו דעראָבערן אַפגאַניסטאַן" (אָ 28).

קאַוואָנעס — מיינ, פּאַרלאַנג.

„אין מעשעך פונעם פּאַרגאַנגענעם יאָר איז אונדזער לײַ־און שפּאָר־קאַסע... אויסגעוואָקסן אין קאַמעס און... אין אייכעס" (ע 28) פרג:

„דער אַקטיוו איז אויסגעוואָקסן אין צאָל" (ע 28).

„זײַנען די גראַניט־בערג באַדעקט מיט אַ דינעם שיכט „קאַרקע" (יאַכינסאָן, קולטור־געשיכטע).

קאַרקע — באָדן.

„איינציקווײַז אָדער גאַנצע קנופּיעס פּלעגן די ווילדע יעגער אַרום־בלאָנקען" (יאַכינסאָן, קולטור־געשיכטע).

קנופּיעס — קאָמפּאַניעס, גרופּעס.

„זשוקאָווסקי האָט געפונען אַ... נאָך ניט געדרוקטן קסאַוו־יאַד — באַקראַסאָווס אַ דערצײַלונג" (ע 28).

קסאַוו־יאַד — מאַנוסקריפּט, האַנטשריפט.

„און אָנ א שטרויכלונג איז דער וועג אינגאנצנ פּאָרויסגעזענ דורכ זיי־ ביז אינ קעצ אַרײַנ" (גאָדינער).

קעצ — סאָפ. ביז אינ קעצ אַרײַנ — ביז לעצט, ביז צו לעצט.

„געפינענ אינ זיכ גענוג רעוואָליוציאָנערע גײַסט־ראכוועס אפ שאפנ" (ע 32, ליטוואקאָוו).

ראכוועס — ברײטקײַט („ברײטקײַט פונ גײַסט" איז ניט קײנ ערגערע בילד ווי „גײַסט־ראכוועס").

„פאראנ אזעלכע..., וואָס קלאָגנ זיכ... אפ ניט פארשטענדלעכע ראָשעטײוועס פונ אונדזערע אנשטאלטנ" (ש 28).

ראָשעטײוועס — אברעוויאציעס (אברעוויאטורנס), געקירצט נאָמענ.

„ניט געקוקט אפ דעמ אלעמ, איז דער רוישעמ פונ ביראָבידזשאנ געווענ אזוי גרויס..." (ע 28, טשעמעריסקי).

„דידאָזיקע שטימונגענ פונ די מאסנ... טאָרנ אָבער ניט פארשיקערנ... אָפ־ שוואכנ די ריע" (ע 28).

„די רעדיפעס קעגנ די קאָמוניסטנ הערנ ניט אופ" (ע 28).

רעדיפעס — פארפאָלגונגענ.

„מיט דער הילפ פונ טעראָר אונ שויכעד האָט זיכ פילסודסקינ אײַנ־ געגעבנ צו פאלסיפיצירנ דעמ אויסגאנג פונ די וואלנ" (אָ 28).

שויכעד — כאבאר, אונטערקויפ, אונטערקויפ־געלט.

„בא אונדז... איז דער עקאָנאָמישער שוירעש פונ ביוראָקראטיזמ אנ אנדערער" (ע 28).

שוירעש — וואָרצל.

„די סאָציאל־פארעטער האָבנ אמאָל געהאלטנ פונ דער פאריזער קאָמונע, זיי פלעגנ איר זינגענ שוואָכימ" (ע 28).

שוואָכימ — לויב־געזאנגענ, לויב־לידער.

„ביימער באדעקנ די שיפויִמ פונ די בערג" (אָ 30).

„זאָל זיכ אָפטונ פונ שטעטל די שליטע פונ ראָוו אונ דײַענ" (אָ 28).

„דער טײַוולשער טשאד זאָל ניט האָבנ קײנ שליטע. ווו צוויי אפיקאָרסימ, דו זײַ א דריטער" (אָ 30, לאָזונג).

„דורכפירנ די צעשיסונגענ... איז פאָרגעלײגט געוואָרנ דער קאָמענדאטור פונ דער שמירע (אָכראנע)" (אָ 28).

„די מאָזירער ייִדישע 7־יאָריקע שול האָט א שעמ אינ גאנצנ ארומ" (אָ 28).

שעמ — נאָמענ.

„אָקטיאבער־שעפע, שטורמישער וווקס" (ש 28).

* * *

מע דארפ עפשער שטעלנ די פראגע וועגנ די נעמענ פונ די פיר ווינט־ ריכטונגענ: מיזרעכ, מײַרעוו, צאָפנ, דאָרעמ — פארבײַטנ זיי אפ אינטערנאציִ־

אַנאַלע ווערטער: אָסט, וועסט, נאָרד, סוד *). אין אמעריקאנער פרעסע באַנוצט מען אָפט די אינטערנאַציאָנאַלע נעמען:

„די טעג קומט קיין בוענאָס־איירעס דער נאָרד־אמעריקאנער יידישער אקטיאָר מאָריס שווארץ" (מ. פ. 30).

„די ליניע איז איבער טויזנט מײַל לאנג. זי לויפט פון צאָפן (נאָרט) צו דאָרעם (סאוט) צו, פון סיביר ביז טורקעסטאן" (מפ 30).

„די קריסטאליזאציע האָט זיך ארײַנגעשניטן אויך אין דעם קליינבירגערלעכן לאגער. אין דער וועסט אין דער סאוטה איז דאָ א מאסע געוועזענע ארבעטער און איצטיקע קרעמער" (מפ 30).

„די קריסטלעכע נעמען אין זיד־אמעריקע" (מפ 30).

## ווערבן

„וועגן פאלן פון אויוועריזײַן די דירעקטיוו" (אָ 28).

אויוועריזײַן — נים אויספילן, ברעכן.

„די רעדאקציע פרוווט זיך אפּאָגעמ... ביכדיי נים אײַנראגזוענען די יידישע בורזשואזיע... פארענטפערן, אז זי איז געצוווּנגען צו באנוצן זיך מיט יידיש" (ע 28).

אײַנראגזוענען — ארײַנברענגען אין קאס.

„זיי [די זשאנדארמען] האָבן בוידעק געוועזן אלע ווינקעלעך פון דער דירע" (אָ 28).

בוידעק זײַן — אונטערזוכן, אויסטאפּן, אויסנישטערן (?).

„ביז איצט האָט יעדער קליינער צופעליקער פּארדינסט... געקענט גוירעמ זײַן, אז דער ארבעטסלאָזער זאָל אופהערן באקומען שטיצע" (ע 28).

גוירעמ זײַן — פארורזאכן, ברענגען דערצו.

„און מע האָט אָנגעהויבן כויקער וועדוירעש זײַן" (ש 28).

כויקער וועדוירעש זײַן — פּאָרשן, אויספאָרשן, אויסזוכן.

„...מאוויכין זײַן צווישן פוסטע פאלשן וואָרט און צווישן דעם אָנגעזעטיקטן אופריכטיקן וואָרט" (פעד ביול. № 4 נ. לוריע).

מאוויכין זײַן — אונטערשיידן, דערקענען, דיפערענצירן.

„אקצענטירן דאָס געהעריקע און מאוולי׳א זײַן דאָס אומוויכטיקע" [באַם קינסטלערישן פאָרלייענער] (פעד ביול 4 № נ. לוריע).

מאוולי׳א זײַן — אײַנשלינגען, פארבײַגיין, לאָזן אומבאמערקט, אָפּכאפּן.

„...עס איז א נארישקײַט מארבע־הויצאָע זײַן זיך צוליבן פּייסעך" (אָ 28).

מארבע הויצאָע זײַן זיך — פאטערן געלט, זיך ארײַנלאָזן אין הויצאָעס (?)

„דיזועלביקע אגענטור איז מוידיע, אז סוואטאָו איז אין געפאר" (ש 28).

---

*) וועגן דער פאָרמע פונעם לעצטן וואָרט איז א סאָפעק, עפשער זוד, זיד? (סאוט ניט, ס׳איז ספעציפיש ענגליש).

פרג. אינעם זעלביקן נומער: „רײטער־אגענטור מעלדעט, אז דאָס קאָ־מוניסטישע מיליטער... האָט פארנומען...“

פרג. װײַטער: „דער נאצמינד־אָפטײל... גיט צו װיסן דעם קאָמערד, אז“... (ע. 28); „פון בוענאָס־אײַראָס טײלט מען מיט, אז...“ (אָ 28).

„עס איז אױך איבעריק צו מױסעפ זײַן, אז אזא קינסטלער װאָלט געהאט אפ זײַן זײַט די גאנצע סימפּאטיע פון טשערנישעװסקין“ [איבערזעצונג] (פּראָל. № 1 1929).

„װיאזױ די קאָמוניסטישע יוגנט איז זיך מייכן צו פײַערן די ניטל־יאָנטױװים“ (ע 28).

זיך מייכן זײַן — זיך גרייטן.

„כוץ דעם איז מען זיך מעשטאדל [!] פארן צענטראלן באנק, אז ער זאָל אױסטײלן דאָס איבעריקע געלט“ (ש 29).

„ס'איז איבעריק צו מעארעך [!] זײַן װעגן דער װיכטיקײַט און נײַ־טיקײַט פון אזא אָרגאניזאציע, װי דער „געזוקולט“ (ע 28).

מעארעך זײַן (דארף זײַן — מאריך זײַן) — לאנג ריידן, לאנג ברײַען.

„מיר װעלן לאכלוטן ניט מעגאזעם זײַן, װען מיר װעלן זאָגן, אז דאָ האָבן מיר אן אוניקום אין דער גאנצער װעלט“ (ע 28).

מעגאזעם זײַן — איבערטרײַבן.

„דארף מען גוט מעדאקדעק זײַן און אױסקלײַבן די, װאָס פּאָרן אפ צו בלײַבן און ניט אפ דורכצופאָרן זיך“ (ע 28, מערעזשין).

מעדאקדעק זײַן — איבערקלײַבן, זיך צוקוקן.

„מיט װאָס פאר א „קולטור“ און „קונסט“ מע האָט דאָס מעהאנע געװען דעם עולעם...“ (ע 28).

„די שטעטלדיקע לערערקע איז געװאָרן מעפורסעם אפ גאָר דער װעלט“ (אָ 28).

מעפורסעם װערן — בארימט װערן, באװוסט װערן, קריגן א נאָמען.

„די פּראָנצױזן האָבן ניט קיין גרױסן כײשעק זיך מעשאדייעך צו זײַן מיט די ענגלענדער (ע 28).

מעשאדייעך זײַן זיך — א שידעך טון, װערן א פּאָר.

„האָבן זײ מעשאנע שעם און מאָקעם געװען“ (קאָמפּאָן 22).

מעשאנע שעם און מאָקעם זײַן — בײַטן נאָמען און אָרט, בײַטן דעם נאָמען און דעם אָרט.

„מאקדאָנאלד האָט געדארפט... נױסע כײן זײַן בא די לאָרדן“ (אָ 28).

נױסע כײן זײַן — אױסנעמען, געפעלן װערן [1].

---

1) אכוץ װערב „געפעלן װערן“, װאָס באטײַט אן אָנהײב פון א צושטאנד (רוס. понравиться), איז פאראן נאָך צװײ װערבן: „געפעלן“ און „געפעלן זײַן“, װאָס באטײַטן דעם צושטאנד גופע (רוס. нравиться). דעריבער באקומען זיך אזעלכע פאָרמעס:

איך װער אים געפעלן
איך בין אים געפעלן געװאָרן

איך געפעל אים — איך בין אים געפעלן
איך בין אים געפעלן געװען.

„דער ארבעט־אינספעקטאָר איז נישטוימעמ געוואָרנ, ווענ ער האָט זיכ דערוווסט, אַז די אלטע איז אנ עמעסע לײַב־קנעכט“ (ש 28).
נישטוימעמ ווערנ — פארשווינט ווערנ, פארוווּנדערט ווערנ.

## קוואליפיקאטיוונ[1] אונ באשטימ־טײלנ פונ צונויפזאצנ

„מיט א פּאָר טעג צוריק האָבנ נאָכ עטלעכע אויווערבאָטעלע גאָטס־פּאָרכטיקע געפּראווועט טפילעס אונ זיכ פּארדוויײקעט געשאָקלט“ (ש 28).
„איז יעדער נײַער ווויקס פונעמ ביוּזשעט ניט בלויז א קאמעסדיקע דערגרייכונג, נאָר אויכ אנ אייכעסדיקע“ (ע 28).
אייכעסדיק אונ קאמעסדיק — וויאזוייק אונ וויפלדיק, קוואליטאטיוו אונ קוואנטיטאטיוו.
„אכאָדימ־קאמערנ“ [одиночные камеры] (פּערסאָוו).
„הייבט אופ אנ אכדעסדיקע פּראָטעסט־שטימ!“ (אָ 28).
אכדעסדיק — צוזאמענדיק, געמיינזאמ, איינהײַטלעכ.
„מיר האָבנ צוטונ מיט געוויסנלאָזיקײַט אונ מיט בעקיוונדיקנ פארקריפּלענ דעמ עמעס“ (ע 28).
בעקיוונדיק — אומישנע.
„דער אוראלטער בערײשיס־מענטש“ (יאכינסאָנ).
„בערײשיס“ איז דאָ קלאל איבעריק, אלס א טאווטאָלאָגיע פונ „אוראלטער“.
ב. סלוצקי ציטירט (ייִד. שפּראכ № 3) אלס „נעראָטענע איבערזעצונג“ (פונ ש. דאָבינס איבערזעצונג פונ פּאפּערנאָס „אלעפבייז פונ מארקסיזמ“ קיִעוו 1926):
„בערײשיסדיקע (אלערשטע) קראפט“ (Первичная сила פאר).
דער העברעיִזמ איז דאָ איבעריק.
„די ראטווירטנ אונ קאָלווירטנ זײַנענ גיוועער די דוירעסדיקע אָפּגע־שטאנענקײַט פונ דער לאנדווירטשאפט“ (ע 29).
פרג: „די ראטווירטנ אונ קאָלווירטנ זײַנענ גיוועער די יאָרהונדערטיקע אָפּגעשטאנענקײַט פונ דער לאנדווירטשאפט“ (אָ 29).
„אונ צומ סאָפּ לייענט איבער דער כ׳ אָשעראָוויטש א „יעדידי־בריוועלע“ פונ די צענדליקער יעדידי־בריוועלעכ, וואָס די רעדאקציע באקומט אָפּט פונ אירע אָרטיקע גוטע פרײַנט“ (אָ 28).
„שינדנ די הויט פונעמ לאכאָדימ־קרעמער“ (ש 28).
„פאר אויוועד זײַנ אפ די דירעקטיוונ וועגנ פארקלענערנ די לאכאָדימ־פרײַזנ האָט דער פּארוואלטער פונ... „רײַספּילקע“ באקומענ א שטרענגנ אויסרייד“ (ש 28).
„דידאָזיקע דערגרייכונג איז אָבער בלויז א לעפּאָנעמדיקע“ (ע 30).
לעפּאָנעמדיק — אויסערלעכ.
„דער סעקרעטאריאט... האָט שוינ אָנגעמערקט דעמ לעפּיערעכדיקנ טאָג־סיידער פונעמ קאָנגרעס“ (ע 28).

[1] קוואליפיקאטיוו — שטוועסער נאָמענ פאר אדיעקטיוו אונ אדווערב.

לעפּיערעכדיק — בעערעכדיק, אומגעפּער.

„נאָכן לאַנגדויערדיקן מעסירעס־נעפעשדיקן... שטרײַק... האָבן די באַלעבאַטים אַראָפּגעריסן פון לוין פון 10 ביז 20 פּראָצענט" (אָ 28).

„...ברענגט ניט מיט זיך... קיין נײַע ניקערע לעבנס־ווערטן" (דאָברושינס געדאַנקענגאַנג).

ניקערע — קענטיקע (?)

„מיעס־פאַרברעכעריש און צעפּוילט פּאַרזנוסט" (קאָמפּאָן 22, פינינבערג).

„די אַלטע שול איז געווען אַ „כל־בו" שול, די נײַע שול וויל אַ „חומ־השדרה" באַקומען" (פעד. ביול. № 4 יאַכינסאָן).

קאָלבוי־שול — ווינעגרעט־שול (?), כום־האַשעדרע — רוקנביין.

„אין מײַן געוועזענער און פּאַרקאָהעלשטער נאַכלע" (פּערסאָוו).

„פינף מיליאָן אַרבעטסלאָזע, פופצן מיליאָן קיצווע־לײַט" (וועקער 24, פון אַ נאָטיץ).

אין טעקסט שטייט:

15 מיליאָן מענטשן באַקומען אַ שטיצע פון פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן.

„די שוטפעס־דירע פון די קורסאַנטן" (קאָמפּאָן 22).

שוטפעס־דירע — צוזאַמענוווינונג, צוזאַמענוווינ.

„אַמעריקע איז נאָך גאָר ניט לאַנג אַרויסגעטראָטן מיט שעמענזאַיעס־דיקע ריידעלעך וועגן אייביקן שאָלעמ" (אָ 28).

שעמענזאַיעסדיקע — גלאַטינקע, ווייכינקע, זיסינקע.

### אינוואַריאַנטן און פּאַרטיקלען.

„...אַ ריי פעלערן... ניט קיין גענוגע צונויפגעבינדונג... גרויסע כיוועס פון מיטגליד־אָפּצאָלונגען אוכדוימע" (ע 28).

אוכדוימע — אדג., און דאָסגלײַכן.

„אין טכילע" („רויטער שטערן" 21).

אין טכילע — אין אָנהייב.

„איך ברענג דידאָזיקע ווערטער אַלפּי זיקאָרן" (ע 28).

אַלפּי — לויטן.

„אַלפּיראָוו גיט זיך די באַלעבאַטימלעך אײַן אָפּצוקלײַבן פּאַסנדיקע פּאַר־זיך אַרבעטער" (ע 28).

אַלפּיראָוו — דאָסראָוו, מערסטנטייל, צומאָפּסטן.

„דידאָזיקע אַלע גרײַזן וועלן אָסער מיטווירקן צו פּאַרביליקערן די בויונג (ע 28).

„באַשער־בעכײַן — די יעווסעקעס האָבן שוין איינמאָל צוגעזאָגט אַ „רעפּובליק"... און ס'איז דערפון, הייסט עס, גאָרניט געוואָרן" (ע 28).

„און ווער פירט עס אויס — באַלקאָרכע, נאַטירלעך — אָט די גרויזאַמע קורבן־שליכעס" (פּראָל. № 1 זשוקאָווסקי).

באַלקאָרכע — געצוווּנגענע, געצוווּנגענערהייט.

„און קעדיי דאָך אײַנצוהאַלטן ביגוואַלד דעם אַלטן מינהעג" (ש 27).
ביגוואַלד — מיט גוואַלד.

„אָן קיין שום... צערעמאָניעס האָבן די פּוילישע ראַבאָנים ביפני קאָל אַם... זיך אַרײַנגעלאָזן אין פּאָליטישן קאַמפּ" (אָ 28).
ביפניי קאָל אָם — פאַר אַלעמען אין די אויגן.

„דורכפירן די איבערוואַלן פון די ראַטן בלי טערעץ איצט ...איז ניט צוועקמעסיק" (ע 28).

פּרג: „איצט מוזן מיר אָן א שום טערעץ אויספּילן דעם גאַנצן... פּלאַן" (ש 28).
מע קען נאָך: אומבאַדינגט.

„ייִדישע קינדער זאָלן גיין בעדערעך האַיאָשער" (ש 28).
בעדערעך האַיאָשער — מיטן ריכטיקן וועג, מיטן גלײַכן וועג.

„בעדערעך קלאַל ווערט אין מאָסקווע קיין שום איבערוואַנדערונגס־פּראָפּאַגאַנדע ניט געפירט" (ע 28).
בעדערעך קלאַל—אין אַלגעמיין, אין אַלגעמיין גענומען, אין אַלגעמיין גערעדט.

„די צאָל קאָלווירטן האָט אָנגעהויבן בעהאַדראָגע צו פאַלן" (ש 29).
בעהאַדראָגע — ביסלעכווײַז.

„מיר באַווײַזן איבערצוגיין בעמײַסע, טריט בא טריט, אַפּ א זיבן־שאָעדיקן אַרבעטס־טאָג" (ע 28).
בעמײַסע — פּאַקטיש.

„דאָ זײַנען, עפשער, בענימצע אויכעט נאַציאָנאַלע אימפּולסן" (פּראָל. № 1 זשוקאָווסקי).
בענימצע — פאַראַן.

„אין דער ייִדישער סוויווע האָט בעפּויעל מאַמעש געשפּילט א גוואַל־דיקע ראָליע דאָס גימנאַזיסטישע היטל מיטן הערבֿ" (ש 30).

„די באַלעגופים דרימלען ניט... ווען עס ווערט נייטיק, טרעטן זיי ...אַרויס און דערקלערן בעקאָל ראָם, אַז „קיין קאָמוניסטן ווילן זיי ניט אין דער פאַרוואַלטונג" (ע 28).
בעקאָל ראָם — אָפן קאָל, אָפן.

„דער כ. לאַרין האָט בעשײַטע אָפּגעהויבן... די פראַגע וועגן..." (אָ 28).
פּרג:... „פּאָליציי־אַגענט בראַוער, וואָס האָט אין זײַן צײַט נאָך־געשפּיאָנירט ראַדיטשען" (ש 28).

„בעשײַטאָם האָט מען פיל געשמועסט און געהאַנדלט וועגן דער דערפינדונג, וועלכע גיט די מעגלעכקײַט..." (קאָמפּאָ 24).

„עס איז דאָ אַזויפיל אָנגעזאַמלטע אשירעס, אַז עס וואָלט געווען אריבער בענוג פאַר יעדן צו לעבן בעשעפע" (ע 28).

„האַגאַם איצט כאַנפענען זיך צו אים די ענגלישע אימפּעריאַליסטן" (ש 28).
פּרג: „כאָטש באַם איצטיקן מאָמענט מאַכן אים די אימפּעריאַליסטן אין לאָנדאָן כיינדלעך" (ע 28).

האגאמ — כאָטש, כאָטש עמעס, כאָטש אפילע.

„העיויס דער אלטער באשטאנד פונ דער פארוואלטונג אינ ראט האָט זיכ בארעכטיקט, האָט מענ זיי אויסגעוויילט נאָכאמאָל" (ע 28).

העיויס — ווײַל, וויבאלד, אזויווי.

„טכילעס, האָבנ אונדזערע... סאָנים געמאכט כויזעק פונ דער רויטער ארמיי" (ש 28).

טכילעס — צומ אָנהייב, אינ אָנהייב, די ערשטע צײַט.

„יידישע אונ פוילישע שווארצמייעניקעס גייענ יאדכאָס" (ע 28).

יאדכאָס — האנט בא האנט, צוזאמענ.

„די גאנצע ארבעט פונעמ ווײַסרוסישנ „געזערד" איז לאכלוטנ פרײַ פונ פעלערנ אונ גרײַזנ" (ע 28).

לאכלוטנ — אבסאָליוט, אינגאנצנ.

„לאָכיינ בעטנ מיר דיכ פארשרײַבנ זיכ אינ אונדזער אָרגאניזאציע" (ש 28).

לאָכיינ — דעריבער.

„אפילע לעאכער האמײַסע האָט ער אויכעט אלצ פארשוויגנ" (ש 28).

לעאכער האמײַסע — נאָכ דעמ, נאָכ אלעמענ, נאָכנ פאקט, פאָסט פאקטומ.

„אויב ניט, וועט דער ארבעט־לויינ לעגאבע פריער פארקלענערט ווערנ" ש 82).

פרג: „די צאָל שטרײַקנ אונ באָיקאָטנ איז האיאָר א קלענערע קעגנ פאראיאָרנ" (ע 28).

מע קענ נאָכ: אינ פארגלײַכ מיט.

„פייסעכ האָט זיכ לעגאמרע אינערגעצ ניט געפילט" (אָ 28).

לעגאמרע — אינגאנצנ, אבסאָליוט.

„...דאָס איז שוינ לעכאָל האדייעס א געזעלשאפטלעכער פארדינסט פונ דער ערשטער יידישער צײַטונג אינ רוסלאנד" (ע 28).

לעכאָלאדייעס — יעדנפאלס (?)

„לעפאָנעמ א ראטנ־קאָמונע, אינדערעמעסנ אָבער איז איר באלעבאָס דער „העכאָלוצ" (ע 28).

לעפאָנעמ — אויסערלעכ, פארנ אויסנ.

„פאר דער לעפיערעכ קורצע צײַט, וואָס די... געריכט־קאמער עקזיס־טירט... איז זי היפש פאָפולער געוואָרנ" (ש 28).

לעפיערעכ (אינ דעמ פאל) — פארגלײַכמעסיק, פארהעלטענישמעסיק, רע־ליאטיוו.

„אינ קיינ פילאָלאָגיע לעשעמ פילאָלאָגיע נייטיקנ זיכ ניט די יידישע מאסנ" (ע 28).

לעשעמ — צוליב.

„...דעמ צווייטנ סאָוועטישנ אנטוואָפענונג־פראָעקט וועט מענ איצט ניט באהאנדלענ מאכמעס מאנגל אינ צײַט" (ש 28).

מאכמעס — איבער.

„נאָכן מאָרד האָבן די פאַרינטערעסירטע קרײַזן, מ א ש מ אָ ע ס, פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די סאָוועטישע באַאמטע האָבן זיך באַטייליקט אין די שלאַכטן” (ש 28).

מאַשמאָעס — ווײַזט־אויס, מוז־זײַן.

„די ספאָרים האָבן מ י ט א ק י ו ו ן פאַררייניקט דעם ריין־נאָמאַנדישן כאַג־האַפּסאַכ מיטן פרילינג־יאָנטעוו” (אָ 28).

מיט א קיוון — אומישנע, מיט א מיין.

„האָט די פּוילישע דעלעגאַציע געמאָלדן, אַז מ י צ א ד פּוילן וועט דער־לאַנגט ווערן אַן ענטפער־מעמאָראַנדום” (ע 28).

מיצאַד (אין דעם פאַל) — דורך; (בעסער — פאַרוואַנדלען דעם פאַסיוו אין אַקטיוו).

„מע מוז פעסטשטעלן, אַז מ י צ א ד די יידישע אַרבעטער איז איצט ניטאָ קיין שום נעגאַטיווע שטעלונג צו דער פראַגע וועגן ווײַסרוסיזאַציע” (אָ 28).

מיצאַד (אין דעם פאַל) — בײַ.

„ראַטעוועט דעם... נאַציאָנאַלן פראָנט!” מיט אזא... געשריי האָבן זיך א לאָז געטון צו די וואַלן די ציוניסטן מ י ק אָ ל ה א מ י נ י ם” (ש 28).

מיקאָל האַמינים — פון אַלע מינים, פון אַלע סאָרטן, אַלערליי.

„... בוילעטע פיגורן וועלכע פאַרגעדענקען זיך, ניט געקוקט דערויף וואָס מ ע כ א ט כ י ל ע שטעלט איר זיך זיי פאָר אַמאָל אַנדערש” (אָ 28, נוסינאָוו).

מעכאַטכילע — פריִער, פון אָנהייב.

„הילף די ע ר ע ו־פּריזיוועניקעס” (וועקער 23).

ערעוו־פּריזיוועניקעס — פאַר־פּריזיוועניקעס.

„די יידן... וווינען פון ק א ד מ ו י נ י ם אָן אין אוקראַינע...” (ש 28)

קאַדמוינים — לאַנג, אוראַלטע צײַטן, אַמאָל.

„העיויס, ווי די וויכטיקסטע פּראָבלעם בעשאַס מײַסע איז צוליב ק א מ ע ט ײַ מ י ם די פּראָבלעם פון סאָציאַלע אָריענטאַציע” (פראָל. 1 № 29, זשוקאָווסקי).

קאַמע טײַמים — א סאַך טײַמים, א סאַך מאָטיוון, ווילפעלע מאָטיוון.

„דער לערער איז ק אָ ל־י אָ מ אָ ו געווען א פאַרוואַלטער מיט א „קאַזיאָנער שול” (ע 28).

קאָל יאָמאָוו — אַלע זײַנע יאָרן, זײַנע גאַנצע יאָרן, פון שטענדיק אָן.

„ווען די גאַנצע וועלט זאָל האָבן זיך פרייען און בלויז איינער וואָלט געליטן — וואָלט דער דיכטער נאָך ניט געקענט מיטפרייען מיט אַלעמען. ק אָ ל ש ע ק י י נ: „ווען די גאַנצע וועלט וואָלט ליידן, און גוט זאָל זײַן בלויז דעם דיכטער” (פראָל. 1 № 29, זשוקאָווסקי).

„ק אָ ר ע ו 100 דעלעגאַטן זײַנען געקומען אויף דער 5־טער קאָנפערענץ” (אָ 28).

פרג: „דער האָמלער פאַרבאַנד האָט... אָרגאַניזירט אין פאַרשיידענע אָרטעלן נ אָ ע נ ט צו 750 מענטשן” (אָ 28).

„אַסאַך כ״כ... פרעגן, טאָמער איז זיי עפּעס ק אָ ש ע” (ש 28).

קאָשע — ניט פאַרשטאַנדיק, ניט צו פאַרשטיין, ניט קלאָר.

„עס איז בײַ אונדז, קיין איינהאָרע, אַלץ ק ע ש ו ר ע” (אָ 28).

פרג: „ניט אלצ איז דאָ אינ אָ ר ד ע נ ו נ ג" (ע 28).

מע קענ אויכ: (ניט) אלצ גלאט.

„ער [דער קולטור־טוער] הערט אופ צו ווערנ ר אָ ע צו טראָגנ אפ זיכ דעמ נאָמענ „פראָלעטארישער קולטור־טוער" (אָ 28).

ראָע — ווערט; דאָ איז אגעוו א גרייַז: אָנשט. „ווערנ" דארפ זייַנ „זייַנ".

„אויב מיר, וועלנ... ריידנ וועגנ סיבעס, דאַרפנ מיר ר יי ש י ס ק אָ ל דער־מאָנענ אונדזער... דירעס־נויט (ע 28).

ריישיס קאָל — ערשטנס, פריִער פאר אלצ.

„עס טרעפט בלויז, אז דער איבערזעצער איז ניט ש אָ ו ע־ב ע ש אָ ו ע מיטנ בוי פונ די זאצנ..." (דאמעסעק. רעצ. אפ „איכ צינד פאריזש", „רויטע וועלט" 1930 № 1—2).

דער צעטל איז אופגעשטעלט לויט צייַטונג־מאטעריאַלנ [1]. ער איז ניט פול. ווענ מע זאָל איבערקוקנ דעמ ייִדישנ ווערטערבוכ אונ אויסטיילנ די העב־רעיִזמענ, וואָס מע דארפ „אויסרייניקנ פונ ייִדיש" (אזא ארבעט וועט מענ טאקע דארפנ פירנעמענ), וועט זיכ געפינענ נאָכ אביסל אזעלכע ווערטער. א טייל פונ זיי וועט זייַנ ניט אזוי גרינג איבערזעצנ ווי געהעריק. נו איז וואָס? דאָס איז נאָכ ניט קיינ טערעצ אפ צו גיינ אפ דער ליניע פונ קלענסטנ ווידערשטאנד.

---

[1]) אביסל העברעיִזמענ קענ מענ געפינענ אינ מייַנע אייגענע ווערק אויכ („גראמאטיק", „גרייַזנ אונ ספייקעס" ו ס., זשורנאל־ארטיקלענ). הייַנט וועל איכ א גרויסנ טייל פונ זיי שוינ ניט באנוצנ.

# קעגנ נעפמאנישנ גאָט

כ׳האָב מוירע, אז מיר האָבנ זיכ נאָכ
ניט באפרײַט פונ גאָט, וואָרעמ מיר גלייבנ
נאָכ אינ גראמאטיק [1].

נ י צ ש ע.

שפּראַכ אונ רעליגיע.— די בילדערישקײַט פונ די רעליגיעזע אויסדריקנ.— „פּיאָנער״ אונ מאצע-וואסער.— גיי פארטײַטש א שילער „ביעס-מאָשיעכ״! — פייסעכ, ראָשעשאָנע, יאָנקיפּער א. אז. וו. — ווער האָט פארביטנ די יאָצרעס? — ראַקטער אונ באלעגאָלע.— איראָניזירנ. — פאָלקסטימלעכקײַט. — גוט שאבעס, ניגער.— באצילנטרעגער. — נעשאָמע. — „ניט גאָט אליינ אונ ניט קיינ העלד״.— ווי האלט עס אינ רוסיש? — מ. גאָרקי וועגנ „פארשעלטנ״. — גוט-העלפ. — וויכטיק ניט די עטימאָלאָגיע, נאָר די לעבעדיקע אסאָציאציעס. — פראגעס אפ שפּעטער.

אינ דער יידישער שפּראכ ביכלאל, אונ אינ דער צײַטונג־שפּראכ אויכ, באנוצט מענ ווערטער אונ אויסדרוקנ, פארבונדנ מיט דער רעליגיע, מיט מיטאָלאָגיע, מיט קולט. צ. ב. „גאָט וויס!״, „לאנג ווי אויג מעלעכ האבאָשנ״, „זיכ שלאָגנ אלכעט״. דאָס איז שעדלעכ. ערשטנס, פארלאנגזאמט עס, זאָל זײַנ אינ א קליינער מאָס, דעמ אָפּשטארבנ פונ דער רעליגיע. דאָ האָבנ מיר א קעגנזײַטיקע שטיצע: די שפּראכ (אינ יענעמ טייל אירנ, וועגנ וועלכנ דאָ האנדלט זיכ) שפּיגלט אָפּ אונ שטיצט זיכ היסטאָריש אפ דעמ רעליגיעזנ וועלט־באנעמ, אונ פונ איר זײַט, שטיצט זי דעמדאָזיקנ וועלט־באנעמ. אז מע זאָגט אשטייגער „גאָט וויס״ (דאָס באטײַט „א י כ ו ו י י ס נ י ט״ צוזאמענ מיט א געוויסער עמאָציאָנעלער אָפּפארבונג), נעמט זיכ עס דערפונ, וואָס מע האָט פריער געגלויבט, אז עס איז פאראנ א גאָט, אונ ער ווייסט אלצ, אפילע דאָס, וואָס מענטשנ ווייסנ ניט. אָבער ניט אלע מיטגלידער פונעמ שפּראכ־קאָלעקטיוו האָבנ זיכ שוינ באפרײַט פונ דעמ גלויבנ; איז אז איינער א ניטגלייביקער זאָגט „גאָט ווייסט״, שטיצט ער דערמיט, זאָל זײַנ אינ א מיקראָסקאָפּישער (א ביז גאָר קליינער) מאָס, דעמ גלויבנ בא די גלייביקע אָדער וואקלדיקע.

---

[1]) „גראמאטיק״ מיינט מענ דאָ שפּראכ (גיכער דאפקע סעמאנטיק איידער גראמאטיק).

צווייטנס איז עס פאר א גרויסן טייל צייטונג־לייענערס אומפארשטענדלעך אז מע לייענט אשטייגער:

„די סאָציִאַל־דעמאָקראַטן האָבן זיך געבעכ זייער דערשראָקן. די בורזשואזיע דראָט. זי וויל זיך אָפּזאָגן פון שוטפעס, איבעררייסן די פעדים. האָבן זיי אָנגע־הויבן זיך שלאָגן אלכעט. די אָנפירונג פון „שווארץ־רויטגאָלד“ איז ארויסגעטראָטן מיט א דערקלערונג, אין וועלכער זי אנערקענט דעם טאָעס“. (עמעס 1930 I/V) —

דערמאָנען זיך א טייל לייענערס דעם ייִדן אינעם יאָנקיפּער־דיקן קיטל און אין טאלעס, ווי ער שטייט בא דער מיזרעכ־וואנט און קלאפּט זיך אין הארצן: אלכעט שעכאָטאָנו לעפאָנעכאָ...

וואָס זאָל אָבער טון יענער לייענער, וואָס האָט קיינמאָל ניט געדאווענט, איז קיינמאָל אין קיין בעסמעדרעש ניט געווען? צי זאָל מען עפשער איינפירן אין שול א לימעד „ייִדישע מיטאָלאָגיע און קולט“ קעדיי געבן א צוטריט צו דער צייטונג־שפּראכ?

און יענעם לייענער, וואָס ווייס יע פון אלכעט, איז טאקע נוציק נאָכאמאָל צו דערמאנען עס?

עמעס, די רעליגיעזע אויסדרוקן פילן אויס סטיליסטישע פונקציעס. אמאָל מאכן זיי די באשרייבונג בילדערישער: „זיך שלאָגן אלכעט“ איז בילדערישער, ווי „כאראָטע האָבן“. אמאָל מאכן זיי די רייד עמאָציִאָנעלער: „גאָט ווייס“, איז עמאָציִאָנעלער ווי... „איכ ווייס ניט“ אָדער ווי „קיינער ווייסט ניט“. איכ רופ ניט אָפּצוזאָגן זיך פון בילדערישקייט און עמאָציִאָנעלקייט. פאר אונדז שטייט אָבער די אופגאבע צו געפינען א פארבייט פאר יענער בילדערישקייט און עמאָציִאָנעלקייט, וואָס שטיצט זיך אף קולט און רעליגיע.

זאָל מען עס ניט פארשטיין מעכאניסטיש. איכ האלט ניט, אז א לינגוויסט (א שפּראכלער) קען זיך אוועקזעצן און צוטראכטן א נייעם בילדערישן סטיל. דאָס קענען טון די שעפערס פון סטיל, די שרייבערס, די רעדנערס א. אז. וו. דער שפּראכלער קען דאָ נאָר קומען צו הילפ. קעדיי אָבער זיי זאָלן דאָס טון, דארפ מען פריִער פאר אלצ איבערצייגן זיי, אז דאָס איז נייטיק. דאָס פּרווו איכ דאָ טון.

אגעוו איז אָפטמאָל די בילדערישקייט אזוי ניט פּאסיק, אז זי ווערט פריקרע. „מע צעכאפט דעם „פּיִאָנער“, ווי „מאצע־וואסער“ („פּיִאָנער“ נומ. 2, 1928). אינטערעסאנט: וויפל פון די יונגע לייענערס פונעם „פּיִאָנער“ וויסן, וואָס איז מאצע־וואסער און וויאזוי מע צעכאפּט עס?

א פארגלייכ פונעם „פּיִאָנער“ מיט „מאצע־וואסער“ איז פאר איינעם סטי־ליסטיש פּוסט און פארן צווייטן פריקרע און געשמאקלאָזיק. צי איז עס אלצ קעדיי, אבי אָפּהיטן אין דער שפּראכ נאָכ א פונק ייִדישקייט?

„...אין דערזעלביקער צייט זעט לעניג צו פארהיטן גאָרקין פון אידעאָלאָ־גישע אָפּנויגן און אימ ארופירן אפן ריכטיקן, אָפּט מארקסיסטישן דערעכ־האיאָשער“ (ע 28 .III .29, ליטוואקאָוו).

איך קענ זיך פאָרשטעלנ, אז אינ פארבינדונג פונ א קאָמוניסטישנ, פראָלעטארישנ אינהאלט מיט א ביבלישנ טאלמודישנ אויסדרוק ליגט עפּעס א באזונדערע פּיקאנטקײַט, א באזונדערער רייצ, עס באפרידיקט עפּעס א שפּראכלעכ־גורמאנישע (נאשערישע) פאָדערונג. אָט די צאצקערײַ אָבער איז אויסגערעכנט נאָר פאר לייענערס־אריסטאָקראטנ (אונ נאָכ פריִער — פארנ שרײַבער אליינ). דעמ פּאָשעטנ סאָוועטישנ לייענער קומט אויס מאָדנע, אז „צומ 10־טנ יאָרטאָג פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט דער זאוואָד געפײַערט א צווייטנ כ א נ ו ק א ס ־ ה א ב א י ס" (אָ 28).

וואָס קער זיכ אָנ א זאוואָד; אינדוסטריאליזאציע, סאָציאליסטישע בויונג — מיט א כאנוקאס־האבאיס, מיט א קידעש?

אונ פארוואָס איז עפּעס דער פראָלעטאריאט — אנ „אויסלייזער"? אויסלייזנ איז גאָר דוכט־זיכ גאָטס פונקציע! אונ פארוואָס פאלט עס עפּעס א רעוואָליוציאָנער פאר א „קאָרבנ" אפנ „מיזבייעכ" פונ דער רעוואָליוציע? אפנ מיזבייעכ פלעגט מענ דוכט־זיכ פאר יאהווע [1] גרייטנ צומ טיש. די רעוואָליוציע איז א גאָט? קאָמוניזמ איז א רעליגיע?

„...דער באנקעט אָבער, ווו בלויז די ארבעטער האָבנ זיכ פארזאמלט, האָט שוינ גוט געמאכט אונ באצאָלט פאר דעמ כ י ל ע ל ־ ק אָ מ ו נ י ז מ, וואָס מיר, צוזאמענ מיט די דאָרטיקע ארבעטער, האָבנ געליטנ אינ טעאטער" (מ. פּ. 30).

מיר האָבנ דאָכ שוינ דורכגעמאכט אזא גרויסנ באפרײַונג־וועג, אז „כילעל־קאָמוניזמ, מארקסיסטישער דערעכ־האיאָשער, קאָמוניסטישער שולכע־נאָרעכ, כאנוקעס־האבאיס פונ א זאוואָד, מיזבייעכ פונ רעוואָליוציע" — דארפ פאר אונדז הייסנ ניט בלויז אידעאָלאָגיש פרעמד נאָר אפילע פּאָשעט שלעכטער סטיל.

באזונדערס דארפנ זײַנ פארינטערעסירט אינעמ קאמפ קעגנ די רעליגיעזע אויסדרוקנ די לערערס, וואָרעמ זיי דארפנ דאָכ ט ײַ ט ש נ די ווערטער [2]. גיי פארטײַטש א קינד ביִעס־מאָשיעכ, גאניידנ, גאָלעס, האלעלויע, טיקנ... מע דארפ דאָכ פארמיסטיקנ דעמ קינדס מויעכ מיט איבעריקע, אָפּגעלעבטע, שעדלעכע פאָרשטעלונגענ. וואָסי? קעדיי צו „דערהויבנ" אימ צו דער „הייכ" פונעמ שרײַבער (וואָס האָט געהאט דאָס גליק צו לערנענ אינ א כיידער, אויב ניט נאָכ העכער, אונ האָט ניט קיינ כיישעק אָדער קיינ מוט דורכצומאכנ איבער זיכ א שפּראכלעכע אָפּעראציע).

אָט זײַנענ בײַשפּילנ פונ אויסדרוקנ, וואָס שטיצנ זיכ אפ ייִדישער רעליגיע אונ קולט. ניט אלע קענ איכ איצט פארבײַטנ, אָבער אלע דארפ מענ אויסשליסנ.

„ניט זיצנ מיט צונויפגעלייגטע הענט אונ ווארטנ אפ „ב י ִ ע ס ־ מ אָ ש י ִ ע כ" („אפ די וועגנ צו דער נײַער שול", 1924).

---

1) יאהווע — א גאָט בא די אמאָליקע העברייער („יידנ").

2) איכ רייד וועגנ די לערערס, וואָס זײַנענ אידעאָלאָגיש מיט אונדז. אזעלכע מאכנ אויס די איבערוועגנדיקע מערהײַט.

— „...אינ עטלעכע יאָר ארומ וועט דער בירע־בידזשאנער מידבער ווערנ א גאנ ײדנ" (אָ. 28).

„מע לאָזט די ארויסגערוקטע אפ „גאָטס באראָט" (פּראָלעטארישע פאָנ 30 XII. 21).

„א גאָלעס-לאנגער מאָנאָלאָג" (שטערנ נומ. 1(4), 1926, בראָנשטיינ).

„...דרוקנדיק דרײַ וואָכנ נאָכאנאנד לאנגע „ווי דער גאָלעס" ארטעלענ? (ע. 30).

צי איז „גאָלעס" א רעליגיעזער באגריפ צי א נאציאָנאלער באגריפ, איז ניט אזוי וויכטיק. יעדנפאלס איז די בילדערישקײַט פונ „לאנג ווי דער ייִדישער גאָלעס" ניט בעסער פונ „ביִעס־מאָשיִעכ" אונ ענלעכע. גיי דערצייל דעם שילער, אז עס איז געווענ אמאָל א „בייסאמיקדעש", איז ער (איבער אונדזערע זינד?) „כאָרעוו געוואָרנ", אונ די „ייִדנ" זײַנענ „פארטריבנ געוואָרנ" פונ זייער לאנד אונ ווײַטער אזוי, — קעדיי ער זאָל קענענ פארשטיינ בראָנשטיינס אָדער ראפּאָפּאָרטס אויסדרוק. צי איז ניט ראציאָנעלער אונ פּראָלעטארישער, אז י. בראָנשטיינ אונ נאָכ ענלעכע שרײַבערס (א פיל קלענערע צאָל, ווי די צאָל לייענערס) זאָלנ באהאלטנ בא זיכ אינ א ווינקעלע זיקאָרנ דעם גאָלעס, מאָשיִעכנ, די יאָצרעס, אונ ניט ארויסברענגענ זיי עפנטלעכ? [1]).

— „פונ זשענעווע קיינ קלוגאנאָ האָבנ זיכ ארומגעדרייט עקסעלענצנ, מיניסטאָרנ... געזונגענ „האלעלויאָ" אפ אלע טענער" (ע. 28).

אייניקע צײַטונג־מענטשנ האָבנ זיכ מיסטאמע דערפרייט, ווענ אינ דער רוסישער פרעסע האָט מענ אָנגעהויבנ באנוצנ Аллилуйщики. דאָס האָבנ „זיי" דאָכ גענומענ בא „אונדז" — מעגנ מיר דאָכ אווּאדע זאָגנ „האלעלויע"!

אָבער וואָס איז אונדז ניט אלציינס — בייסמעדרעש צי קלויסטער? פונביידע דארפנ מיר קיינ שפּראכ־רעסורסנ ניט שעפּנ.

„דער באלעגופ וועט שוינ בא אונדז קיינ טכיִעס־האמײסימ ניט אופשטיינ" (ש. 30).

„די קנאפּע יאָרנ פונ אונדזער כרת׳־דיקער פאָלקסשול" (פּעד. בול. נומ. 3—2 1922).

„מײַסע סאָטנ איז אינ דעמ טאָג אויכ געשטאָרבנ דער ד"ר מאקא־רעוויטש" (אָ. 28).

„קיינ „סיסרע טוירע" טאָר מענ די קינדער ניט געבנ", שרײַבט כ. לויצקער אינ א רעצענזיע („אפ די וועגנ" נומ. 8—7 1927). אָבער די לערערס (וואָס פאר זיי איז באשטימט די רעצענזיע) ווייסנ אליינ ניט, וואָס איז „סיסרע טוירע". באזונדערס די פרויענ (וואָס זײַנענ שטענדיק געווענ

1) אינ „מאָרגנ-פרײַהײַט" 1929 האָב איכ געטראָפנ א פײַנעמ אויסטײַטש פונעמ וואָרט „גאָלעס": „אינ דעמ גרויסנ געראנגל מיט דער ארומיקער סוויווע, וואָס עס קומט אויס איבערצולעבנ די ייִדישע שאפנדיקע קויכעס אינ די גאָלעס-לענדער (אזוי וואָלט איכ אָנגערופנ אלע לענדער, ווו ס׳וווינט א גרעסערער קיבּעץ ייִדנ, וועלכע האָבנ זיכ נאָכ ניט דערשלאָגנ צו פולע רעכט, מיט ערעצ-ייִסראָעל בעטויכאָמ, ווײַל גראָד דאָרט איז ייִדיש צומייסטנס פארפאָלגט — אנטקעגנ סאָוועט־רוסלאנד, דעמ לאנד פונ דער גרויסער צוקונפט, ווו די ייִדנ פירנ א פול בארעכטיקט לעבנ)"... דאָס איז א גוטער צולאָכעס-טײַטש, אָבער פאר אונדז איז עס שוינ ניט פאסיק אונ ניט נייטיק.

פרײַער פון רעליגיע), באזונדערס די ארבעטערישע קינדער, וואָס האָבן אינ־דערהיים קיינ לאמדאָנישע שמועסן ניט געהערט — זיי וויסן ניט (אונ זאָלן זיי ניט וויסן) פון קיינ סיסרע־טוירעס.

„א נײַע סעדרע ביוראָקראטיזמ אונ פארשלעפעניש" (ש. 30).

אויב ניט אלס קולט־וואָרט, איז אלס העברעיִזמ, גלאט אלס אָפגעשטאָר־בענער וואָרט — מעג מענ „סעדרע" אויסמײַדנ.

„... ווער איז דער קאָלעקטיוו? דאָס איז אָפט א „שאטנעז" פונ פאר־שיידענע טעמפעראמענטנ, קענטעניש, ווילנס, אָרגאניזאציאָנעלע דערפארונג..." („אפ די וועגנ" — 1924).

„33 רובל פאר דערזעלבער ארבעט אפ הארטער לאגער־ערד (שמיטע־ערד)". (ע. 28).

„דער פראָלעטאריאט איז באַרופנ ארויסצופירנ פונ קעניגרײַכ פונ מוז, פונ בײַטווענדיקײַט, אינ קעניגרײַכ פונ „בחירה", פונ פרײַענ ווילנ" (ע. 22, ליט־וואקאָוו).

„בחירה"? ס'איז עפּעס דאכט זיכ פונ רמב"ם? צי פונ אנ אנדערנ רעלי־גיעזנ פילאָזאָפ? דער פראָלעטאריאט ווייס דענ פונ רמב"ם? אכ, ניינ — דאָס שרײַבט דאָכ ניט דער פראָלעטאריאט — דאָס שרײַבט מענ דאָכ וועגנ דעמ פראָלעטאריאט!

גוט כאָטש, וואָס „בחירה" איז דאָ נאָכ פארטײַטשט אפ ייִדיש.

אלע ייִדישע יאָנטויווימ, דאָס גאנצע ראבאָנישע קלאפער־געצײַג, וואָס ווערט באקעמפט אפנ אנטירעליגיעזנ פראָנט, געפינט א שטיצע אפנ שפראכלעכנ פראָנט. ווילט איר דעמ הייליקנ יאָנטעוו פייסעכ — האָט איר „מאצע־וואסער" (זע אויבנ באמ „פיאָנער"), „כאדגאדיע", קאָלדיכפינ", „בוידעק כאָמעצ":

„מיִעס, זייער מיִעס האָט זיכ געענדיקט די „כאדגאדיע" פונ דער אייראָפעיִשער דיפלאָמאטיע". (ע. 28).

שיינ, זייער שיינ קלינגט דער אויסדרוק פאר יענעמ, וואָס ווייסט די מײַסע מיטנ ציגעלע פונ דער האגאָדע. וואָס זאָל אָבער נעבעכ טונ יענער, וואָס האָט ניט געפראוועט קיינ סיידער אָדער שוינ לאנג פארגעסנ, וואָס אינ דער האגאָדע שטייט?

„דער מאָמענט פונ „קאָלדיכפינ" (ווער עס וויל) איז אוועק; אונ ס'איז נייטיק צו וויסנ... ווער איז דער ערשטער ריי צו באזאָרגנ מיט רוישטאָפ" (ע. 28).

דאָס, וואָס „קאָלדיכפינ" איז אינ קלאמערנ פארטײַטשט [1], איז א קלוגער אײַנפאל, אָבער דער „קאָלדיכפינ" אליינ איז איבעריק (כוצ פאר א קליינעמ אונ ניט פארנ בעסטנ טייל פונ די צײַטונג־לייענערס).

„געמאָסטנ, געוויגנ, „בוידעק כאָמעצ" געווענ, צי סקריפעט דאָרט אינעווייניק, צי ניט" (ש. 20, א באשרײַבונג פונ א סאָוועטישנ פריזיוו).

---

[1] אגעוו, דער אָנגענומענער טײַטש („ווער עס וויל") איז ניט פינקטלעכ; אייגנטלעכ באטײַט „כל דכפינ" — „ווער ס'איז הונגעריק".

ווילט איר דערמאָנען ראָשעשאָנע, איז:

„פּואַנקאַרעס שויפער — דער „טײַמס" האָט פאַרענדיקט זײַן נײַ־יאָר־איבערבליק"... (ש. 28).

ווילט איר יאַנקיפּער —

„איז דאָס מאָל געפאַלן דער גורל אפן בוכהאַלטער! זאָל ער זײַן דאָס קאַפּאָרע־הינדל".

„די „פּרײַע" שטימען פונעם „פרײַען" פאָלק אין דער „גרויסער אַמעריקאַנישער דעמאָקראַטיע", פאַר וועלכער אַלע סאָציאַל־פאַרעטערס און פּשאָרע־מאַכערס פאַלן קוירים, געהערן דעם, וואָס קען אויסגעבן מער דאָלערס". (ש. 26).

„באַזונדערס האָבן אים מיטגעהאָלפן אין דעם הינזיכט די געלע בינטל־בריוועדיקע „סאָציאַליסטן" פון „פאָרווערטס"־כיידער, זיי זײַנען קעסיידער געשטאַנען קוירים פאַר דער יאַהודישער גרויסהאַרציקײַט"... (ע. 29).

„זיי האָבן אונדז באַגליקט מיט זייער צוריקקערן זיך און דערפאַר — קוירים פאַר די געניעס!" (ע. 29).

נאָך יאָנקיפּער קומט סוקעס:

„אין לולעוו־טרוקענע „רוסיש־יידישע" בלעטער" (באַל־דימיען, אין א בראָשור צו פערעצעס 7־טן יאָרצײַט).

„דאָסזעלבע קען מען אויך זאָגן וועגן דעם „רעוואָליוציאָנערן דאָר" שרײַבער, וואָס איז דאָ געגומען „אים קאָל האַנאָרים" (ראַטנבילדונג 5—6, 1930, דאַמעסעקס א רעצענזיע).

ווילט איר דאָס פּאָעטישע בילד, ווי יידעלעך שפּרינגען קעגן דער לעוואָנע — האָט איר.

„א טעלעגראַמע פון „יטאַ" מיט א טאָפּ קידעש־לעוואָנעדיקע אויסיעס" (וועקער 25).

גאָר א שיינע מײַסע איז פאַרלאָפן מיט די יאָצרעס, וואָס מע זאָגט אין געוויסע יאָנטויווים.

ס'איז פאַראַן אַ רוסיש אַן אויסדרוק Смена вех. דאָס באַטײַט — בײַטן דעם וועג (בוכשטעבלעך: בײַטן די צייכן־שטאַנגען, וואָס ווײַזן דעם וועג). ווי גיט מען עס איבער אף יידיש? דערמאָנט מען זיך, אַז „בײַטן" פיגורירט אינעם אויסדרוק „פאַרבײַטן די יאָצרעס". איז שוין רעכט! זײַנען שוין פאַראַן „עמיגראַנטן וואָס האָבן „געבײַטן די יאָצרעס", האָבן טשוווע געטון אף זייערע פאָריקע זינד"... (ע. 27, ליטוואַקאָוו א פאָרטראַג).

און

„די אינטעליגענטישע וואַנדייע[1]) האָט זיך א וואַקל געטון. זי האָט זיך

[1]) „וואַנדייע" איז דעם לייענער פונקט אזוי ווייניק באַקאַנט ווי „יאָצרעס", דעם עלטערן לייענער אפילע נאָך ווייניקער. אָבער ציקען מען עס גלײַכן? מיט „וואַנדייע" זײַנען דאָך פאַרבונדן פּאָליטיש־נוציקע ידיִעס. אַז מע וועט דעם לייענער, דעם שילער דערקלערן „וואַנדייע", וועט עס אים ברענגען א טאָפּלטן נוצן, בעת מיט „יאָצרעס" איז גאָר אנדערש, (די צײַטונג האָט, עמעס, שלעכט געטון, וואָס זי האָט אין קלאַמערן צי אין א באַמערקונג ניט אויסגעטײַטשט „וואַנדייע")

אָנגעהויבּן פאַרטראַכטן וועגן „בּײַטן די יאָצרעס" („סמענא וועכ" בלעז" [1])
(ע. 28).

דאָס איז אָבער ניט בלויז אַן אויסדרוק, געגומענע פונעם אָפּגעלעבטן קולט — ס'איז קלאָר אהער ניט פּאַסיק. „פאַרבּײַטן די יאָצרעס" איז גאָר עפּעס אַנדערש. אָט וואָס עס זאָגט וועגן דעם אַ ספּעץ — אַ גוטער קענער פון דער ייִדישער פאָלקשפּראַך און דערצו נאָך אַ ראָוו:

„אַזוי ווי מיט די יאָצרעס, וואָס מע זאָגט נאָר פון צײַט צו צײַט, איז דער אוילעם ווייניק באַקאַנט, טרעפט עס דעריבּער גאַנץ אָפט, אַז איינער דאָס אַ טאָעס און פאַרבּײַט די יאָצרעס, ער זאָגט גאָר אַנדערע יאָצרעס, ווי די, וואָס מע דאַרף אין דער ווירקלעכקײַט זאָגן. צוליב דעם, איז ווען איינער פאַרבּײַט אַלפּי טאָעס עפּעס אַ איניען, זאָגט מען: „ער האָט פאַרבּיטן די יאָצרעס". (עלזעט, ווונדער־אויצער פון דער ייִדישער שפּראַך).

זוכנדיק אַ „ייִדישלעכן" פאַרטײַטש פונעם רוסישן אויסדרוק, האָט כ' ליטוואַקאָוו טאַקע פאַרבּיטן די יאָצרעס (אינעם עמעסן זינען פון אויסדרוק). אָט וואָס עס פאַרלויפט, ווען דער צײַטונג־מאַן וויל אופהיטן אין שפּראַך די ייִדישקײַט, וואָס, ווי י. קיפּניס דערציילט, זאָגט זיך שוין אָפּ דערפון אפילע דער באַלעגאָלע (אַ מענטש מיט ווייניקער שפּראַך־קולטור און ווייניקער פּאָליטישער קולטור, ווי אַ רעדאַקטער).

י. קיפּניס דערציילט („עמעס" 28. III. 24).

„אַמאָל, שוין גאָרניט אַזוי לאַנג, האָבּן מיר געהאַט אינעם באַלעגאָלעס לעקסיקאָן אַזעלכע ווערטער, ווי „דער קאַרער וויל שוין ניט דאַווענען", „די פערד דוכענען", „דער שפּאַן פאַלט קורים", „ווײַזן אַ היי אין סידער" א.אז.וו. איצט האָב איך ניט באַוויזן אָפּצופּאָרן די אַנדערטהאַלבּן ווערסט פון באַן צו דער אַכסאַניע, ווי איך הער שוין נײַעס:

— ער איז בּאַ מיר אַ „גראַמאָטנער", ווײַזט דער באַלעגאָלע אָפּן רעכט פערדל. ער ענדיקט בּאַ מיר שוין בּאַלד דעם „ליקנעפּ".

— נאָ, מישקאַ, קיין כאָליערע זאָל דיר ניט טרעפן.

— באַלד ווי ער האָט אים געקויפט, — זאָגט ער, — איז ער נאָך ניט געווען קיין „סאָזנאַטעלנער" אפילע אָפּ אַזויפיל אָ, און איצט איז ער שוין אַן אויסגעשליפענער אָפּ אַלע פּאָליטיקעס".

עפּשער וואָלטן זיך די צײַטונגען „אַראָפּגעלאָזט" צום באַלעגאָלע און אויך אופהערן „דוכענען, פאַלן קורים און ווײַזן אַ היי אין סידער"?

* * *

אונטער אַ פּרעגצייכן לאָז איך דערווײַל איראָניזמען, ווי:
„דער ציוניזם געקאַשערט פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל". (ש. 28).

[1]) אָט דער „בלעז" אַלטפרענקישער יעשיוועבאָכערישער איז אויך ווערט געלט!).

„קולידזש האלט א דראָשע וועגן „די אידייען פונעם אימפּעריאַליסטישן שאָלעם" (פּ. 28).

„צו די קומענדיקע קולטמאַרשן דאַרף מען זיך גרייטן פּאָרויס. העגדום־פּעגדום—מעקייַעם זייַן די „מיצווע" קולטמאַרש—ברענגט ווייניק נוצן" (ע. 30, ראַבינ).

* * *

מע קען ניט לייקענען, אַז אין די אַלע „קאַפּאָרע־הינדלעך", „לאַנג ווי דער יידישער גאָלעס", „ווי א האָן אין בנײ־אָדאָם", „אַפ גאָטס באַראָט"—ליגט א שטיק פאָלקסטימלעכקייַט. אָבער ווער דאַרף זי די פאָלקסטימלעכקייַט? זאָל זי בלייַבן פאַר די יידישיסטן אַפ יענער זייַט. זאָל זיך ש. ניגער קוויקן מיטן יידישן גוט־שאַבעס [1], זאָל ווייַנרייַך מעזאַקע זייַן מ. וויינגערן (כאָטש א קאָמוניסט געווען, אָבער פאָרט א ייד) מיטן פרום־יידישן „אָלעוו־האַשאָלעם" [2]. מיר דאַרפן ניט די נעכטיקע פאָלקשפּראַך.

ריכטיק ווייַזט-אָן אַלטשולער וועגן דער שפּראַך פון גאָוואַקאָווסקיס אַן אַנטירעליגיעזער בראָשור:

„באַזיצט דער כ. גאָוואַקאָווסקי אַן אויסגעצייכנטע פאָלקס־שפּראַך. דאָס איז אָבער ניט קיין הייַנטיקע פאָלקס-שפּראַך. זי איז א נעכטיקע. דאָס איז א שפּראַך פון א יידן, וואָס איז באַהאַוונט אַביסל אין די „שוואַרצע פינטלעך", אָדער פון א יידן א מאַסקיל,— אָדער אַפילע פון אַן „אַמכאָ" ייד. זי איז אָבער אינגאַנצן ניט פאָלקסטימלעך שוין פאַר דער יידישער יוגנט פון הייַנט. ווען דער כ. גאָוואַקאָווסקי זאָגט: „נאָר דערגאָך האָט גאָט כאַראָטע (ווי בלייַבט מען אָן א פאָלק אומ-טערטעניקע? ס'איז נאָך ערגער ווי בלייַבן אָן א קנעלונג!)", פאַרגעסט ער, אַז זייַן „כאָכמע" איז פאַר אונדזער אַרבעטנדיקער יוגנט קיין כאָכמע ניט. „בלייַבן אָן א קנעלונג" איז שוין ניט קיין פאָלקס-אויסדרוק, „ווי אַלטע שיימעס", „אָפּגעשלאָגענע הוישאַנעס" איז אויך א „קנעלונג" געוואָרן אַן אַלט־שיימעס-אויסדרוק". (עמעס 1930. II. 9).

מע דערציילט אַפ אַן אַטעיִסט, אַז ער האָט זיך באַרימט:

— איך בין שוין, גאָט צו דאַנקען, אַן אַלטער אַפּיקוירעס!

אויב דאָס איז נאָר א וויץ [3], איז אָבער א פאַקט, אַז א סטודענט א קאָמסאָמאָליעץ זאָגט, ווי א געוויינלעכע פראַזע:

— מאָרגן איז א פּראַקציע!? ריבוינעשעלוילעם!

---

[1]) „מיר ווילן אופהיטן א טייל פון דעם אַלטן פרומען יידישן לעבנשטייגער, אָבער אָט דער לעבנשטייגער איז צונויפגעוואַקסן, צונויפגעגאָסן מיט יידיש, אַזוי צונויפגעוואַקסן, אַז עס טוט ווי, עס רינט בלוט, ווען מע רייַסט זיי פאַנאַנדער. עס איז ניטאָ קיין שאַבעס אָן א „גוט שאַבעס", און אַפ קיין שפּראַך זאָגט זיך עס ניט אַזוי גוט, אַזוי געשמאַק, ווי אַפ יידיש" (ש. ניגער, ציטירט אין „מאָרגן-פרייַהייַט" 1930).

[2]) „מ. וויינגערס ע"ה פאָרמולירונג, אַז „אָרטאָגראַפיע איז דער פּראַקטישער טייל פון דער שפּראַך-וויסנשאַפט" איז לחלוטן פאַלש". (מ. ווייַנרייַך. פּראָיעקט פון אַן איינהייַטלעכן יידישן אויסלייג" אין דער זאַמלונג „דער איינהייַטלעכער יידישער אויסלייג" ווילנע 1930).

[3]) אין א רעצענזיע אין 1929 Известия ווערט ציטירט אַן אויסדרוק פון אַן אַטעיִסטישן בוך „Правоверный атеист".

א מענטש, וואָס איז פרײַ פונעם רעליגיעזן וועלט־באַנעם, אָבער ער באַנוצט ווערטער, ווי „אימירצעשעם, גאָט צו דאַנקען, ניט פאַר אײַך געדאַכט, קיין אײַנהאָרע, ראַכמאָנעליצלאָן״, איז א באַצילנטרעגער (אַזוי הייסט א מענטש, וואָס איז אַליין ניט קראַנק, אָבער אַנדערע קענען זיך פון אים אָנשטעקן מיט א קראַנקייט).

נאָך גוט, אַז דער צוהערער „נעמט ניט אויף די באַצילע״, ער פאַרשטייט ניט די שעדלעכע ווערטער, — ווי אין דאַניעלס „יוליס״:

„די מומע סאָרע קומט אַרײַן... און טרייסט אונדז פאַרן אַוועקגיין: — שלאָפֿט, קינדער, מאָרגן וועלן זיי אימירצעשעם קומען. מיר ווייסן ניט, וואָס הייסט אימירצעשעם״.

וועגן דער פראַזע:

„עס ווערן איבערגעכאַזערט אַלע לעכערלעכע אַרגומענטן, וואָס מע האָט שוין קעגן די יעווסעקעס, ראַכמאָנע ליצלאַן, אַרויסגעשטעלט אַמאָל דרײַסיק טויזנט״ (ע. 28, פּ. נאָוויק)

קענען אויך די לייענערס זאָגן:

„מיר ווייסן ניט, וואָס איז ראַכמאָנע ליצלאַן״.

ערגער אָבער איז, ווען דער לייענער וויל יע וויסן, וואָס דאָס איז...

* * *

אַזעלכע פיגוראַלע אויסדרוקן, ווי „נעשאָמע״ דאַרף מען שטעלן אָפּן טאָגסיידער — צו באַקעמפן.

„קינדער אין די וויגן ווייסן, אַז די נעשאָמע פון דער גאַנצער אַרבעט פון „דזשאָינט״... איז געוועז די קאָלאָניזאַציע־אַרבעט אין ראַטנפאַרבאַנד״ (ע. 28).

„נעשאָמע״ קומט פון רעליגיע און פון פאַלשער וויסנשאַפט. ניט בעסער איז „באַשעפעניש״, אַלס ביאָלאָגישער טערמין, וואָרעם — ווער האָט עס באַשאַפן?

* * *

ס'איז שוין צײַט פאַרטראַכטן זיך דערויף, וואָס אין אונדזער הימן פיגורירט גאָט:

ניין, קיינער וועט אונדז ניט באַפרײַען,
ניט גאָט אַליין און ניט קיין העלד.

פאַר אונדז דאַרף זײַן געשמאַקלאָזיק אַזאַ צוזאַמענשטעל: א העלד, ד. ה. עמעצער אַזאַ, וואָס עקזיסטירט דאָך, און גאָט — א פיקציע. דער מינדסטער העלד קען גיכער באַפרײַען, איידער גאָט. אָבער ניט דאָס איז וויכטיק.

וויכטיק איז, וואָס צוליבן הימן מוז מען לערנען דעם יונגן דאָר וועגן גאָט אַסאַך פריִער, ווי מע וואָלט באַדאַרפט. צו דרײַ יאָר זינגען שוין קינדער דעם „אינטערנאַציאָנאַל״. צו פיר־פינף יאָר פאַרשטייען זיי שוין אים (פרימיטיוו) און ווילן וויסן, וואָס איז דער טײַטש „גאָט״, בעת אָן דעם וואָלט מען געקענט מיט גאָט צוּוואַרטן עטלעכע יאָר.

* * *

**דער, וואָס וועט וועלנ פאַרענטפערנ די רעליגיעזע אויסדרוקנ אינ דער ייִדישער צײַטונג־שפּראַכ דערמיט, וואָס אינ רוסיש באַנוצט מענ זיי אויכ (אַפּאָסטאָל פונ סאָציִאַליזמ, קאַינס שטעמפּל), וועט ניט זײַנ גערעכט, וואָרעמ— עס איז טאַקע אינ רוסיש אויכ ניט גוט.**

אינ דער רוסישער ליטעראַטור־שפּראַכ אונ אינ דער שפּראַכ-פּאָליטיק קומט אויכ פאָר א שטרײַט קעגנ רעליגיעזע אונ מיטאָלאָגישע אויסדרוקנ, דערווײַל נאָכ א שוואַכער. כ. טשושאַק דערציילט [1]:

„דעמ שרײַבער פונ די שורעס געדענקט זיכ, ווי נאָכ אינ 1922 יאָר האָט מענ אינ איינעמ אַנ אַנשטאַלט, וואָס קאָנטראָלירט די קינדער-ליטעראַטור, דעמ וואָרט „מאַלעכ" באַשיידנ פאַרביטנ אָפּנ וואָרט „פייע". דער געשלעג מיט גאָט האָט זיכ שוינ דעמאָלט געהאַט אָנגעהויבנ, אָבער מיטאָלאָגיע, פאַנטאַסטיק אונ אַנדערע מעטאַפיזישע פײַנהײַטנ האָט מענ נאָכ פונ דעמ קינדער-ביכל ניט געטריבנ".

אינעמ הומאָריסטישנ זשורנאַל „קראָקאָדיל" (1930) לייענענ מיר א נאָטיצ:

„מיקויעכ טײַוולאָנימ".

„ווער האָט געזענ טײַוולאָנימ? ניט די „גרינע שיידימלעכ", וואָס עס זענענ אַמאָל די ניטמע-סיקע געבראַיכערס פונעמ פּערציק-גראַדוסדיקנ, נאָר ערנסטע, סאָוועטישע טײַוולאָנימ, וואָס מע דערמאָנט זיי אַפילע אינ רעזאָלוציעס אונ לאָזונגענ. קיינער האָט ניט געזענ?

„כ'לייג בײַ א אויסשניט פונעמ נומער 12 פונ „Советская Сибирь". פונ 28-טנ מײַ—שרײַבט איינער א לייענער, ווו עס שטייט: „שלאָגט זיכ, ווי טײַוולאָנימ". כ'וואָלט זיכ געוואָלט דערוויסנ די געשיכטע פונ די טײַוולאָנימ אונ פונ זייער געשלעג".

דערצו גיט צו די רעדאַקציע פונ „קראָקאָדיל":

„ס'איז דאָכ עפּעס א קאָנפוז. מיט איינ האַנט שטרײַטנ מיר מיט אָבערגלויבנס אונ פאַלשגלויבנס, אונ מיט דער אַנדערער—שפּיקעווענ מיר אָנ מיט טײַוולאָנימ די קעמפערישע פּאַרטײַשע לאָזונגענ".

דערווײַל רעדט עס נאָכ א הומאָריסטישער זשורנאַל. פונדאַנענ אָבער וועט דער שטרײַט קעגנ „טײַוולאָנימ" אַריבערגייִנ העכער. יעדנפאַלס, זעענ מיר, אַשטייגער, אינ „פּראַוודאַ", פונעמ 26-טנ אויגוסט 1930 יאָר א קעפּל:

Заводы будут драться как „черти".

די טײַוולאָנימ האָבנ שוינ דאָ געפּענטעטע „פּיסלעכ". א סימענ, אז מע הייבט זיכ שוינ אָנ מיט זיי שעמענ.

אונ אינ אַנ אַנדער צײַטונג לייענענ מיר!

Драться по — большевитски.

אונ דאָס איז ניט נאָר אידעאָלאָגיש פּאַסיקער, נאָר אַפילע סטיליסטיש ווירקעוודיקער, ווי דער פאַרגלײַכ מיט שיידימ.

**נאָכ א ציטאַטע פונעמ גרויסנ קולטור־מענטש מאַקסימ גאָרקי [2].**

**פריִער א ציטאַטע אינ דער ציטאַטע. גאָרקי ציטירט איינעמ דמיטריעווסקינ פונ א ווײַסגוואַרדעיִשער צײַטונג:**

**„אָפּנ גראָבסטנ אומראַכמאָנעסדיקנ אויפנ האָט ער (ד. ה. גאָרקי) אָפּגע־שטויסנ די הענט, וואָס האָבנ זיכ צו אימ געצויגנ, אונ א שפּײַ געטונ אינ די נעשאָמעס, וואָס האָבנ זיכ פאַר אימ געעפנט. פונ דעמאָלט אָנ עקזיסטירט ער פאַר אונדז ניט. מיר האָבנ אימ פאַרשאָלטנ" א. אז. וו.**

---

1) Советской школе новый учебник 1926, № 5.

2) „Известия" 31.VII 1930.

דערופֿ באַמערקט גאָרקי:

„אָט איז אַ מענטש אַבסאָליוט אָן אַ שטיקל הומאָר־געפֿיל: „פֿאַרשאָלטן". נו. ווי קען מען שרײַבן און ביפֿראַט נאָך דרוקן אַזעלכע ווולגאַרקייטן: „פֿאַרשאָלטן"? מע דאַרף זײַן זייער אַ נאַרישער אָדער אַן אַמעריקאַנער פֿונעם טיפּ בראַיאַן, אָדער אַן עפּיסקאָפּ, קעדיי אין 20־טן יאָרהונדערט עמעצן צו פֿאַרשעלטן".

* * *

איינע צײַט איז פֿאָרגעקומען אַ שטיקל דיסקוסיע וועגן באַגריסונגען. די פֿראַגע האָבן געשטעלט לערערס, אין פֿאַרבינדונג מיט אַנדערע פֿראַגעס פֿון שול־לעבן, אָבער די פֿראַגע איז ברייטער: עס באַגריסן זיך דאָך ניט בלויז לערערס און שילערס. איינער ש. ב—ר שרײַבט אין „עמעס" 1928—XI־6:

„א טייל שילערס באַגריסן יאָ דעם לערער בעשאַס זיי באַגעגענען אים אין גאַס, א טייל באַגריסן אים ניט. און נאָך א גרעסערער טייל, בעיס זיי באַגעגענען א לערער אין גאַס אינמיטן העלן טאָג, קוקן זיי אים גלײַך אין די אויגן און... שמייכלען.

„דאָס לעצטע דאַרפֿן מען אַפּאָנעם דערקלערן דערמיט, וואָס זיי ווייסן פּאָשעט ניט (און מיר ווייסן אויך ניט), וואָס צו זאָגן.— אינדערפֿרי „גוט מאָרגן", אָפּדערנאַכט — „גוטן אָוונט", און באַטאָג — וואָס? — „גאָט העלפֿ" ווילן זיי ניט זאָגן. „זדראַווסטוויטיע" — פּאַסט ניט צו זאָגן אין יידיש. „גוטן טאָג" — וואָס־זשע זאָגט מען, ווען מע גייט אַוועק? — קוקט מען שווײַגנדיק דעם לערער אין די אויגן און... מע שמייכלט!"

דערופֿ רופֿט זיך אָפּ כ. גאָלדבערג אין „עמעס" 1928, XI־29:

„וואָס איז שייַעך דעם אויספֿעלן פֿון א פּאַסיק באַגריסונג־וואָרט אָפּ באַטאָג, איז דאָ די שול „גאָט די נעשאָמע שולדיק"... ניטאָ אָפּ יידיש אַזאַ וואָרט. האָט מען דאָך געשאַפֿן אַזעלכע ווערטער, ווי „פֿאַנאַנדערשיכטונג", „צוזאַמענשלוס" און אַנדערע. וועט מען אויך דאָ געפֿינען א וואָרט".

רעזיומירנדיק נאָך אַנדערע בריוו וועגן ש. ב—ר'ס פֿראַגע, שרײַבט דער „עמעס" 1928—XII/19:

„די כאַווײַרים, וועלכע רופֿן זיך אָפּ אָפּ זײַן אַרטיקל, זײַנען אין א גרויסן טייל ניט מאַסקים מיט זײַן שטעלונג פֿון דער פֿראַגע, א גרויסער טייל כאַווײַרים, דערהויפּט אוקראַינער, ווײַזן אָן, אַז די באַטאָגיקע באַגריסונג שטאַמט ניט פֿונעם וואָרט „גאָט העלפֿ". כ' מ. זשוק פֿון כמעלניק שרײַבט:

„אין אוקראַינע זאָגט מען: „א גאָט העלפֿ" דערדאָזיקער אַרטיקל „א" איבערצײַגט, אַז דאָ האַנדלט זיך וועגן אַן אַדיעקטיוו (גאָט־גוט) און א סובסטאַנטיוו (העלפֿ — פֿאַרגרײַזט פֿון העלפֿט).

„און עס איז דעריבער גאָר קיין אומגליק ניט, אויב מע זאָל באַנוצן דעם אויסדרוק „גוט העלפֿ". כ. בראַווערמאַן (סקווירע) ווידער האַלט, אַז:

„דער „געטלעכער" אָפּשטאַם פונעם „גאָט העלפֿ", איז ניט פון די גרויסע אומגליקן. דאָסזעלביקע איז דאָס בענעגייע „ספּאסיבאָ" (ספּאסי באָג) אין רוסיש, וואָס איז אין דעם הינזיכט ניט ווייניקער קאָמפּראָמעטירט".

„א גרויסער טייל כאַווײרים אָבער, וועלכע האַלטן, אז דער אויסדרוק „גאָט העלפֿ" איז פאר די איצטיקע באַדינגונגען לאַכלוטן ניט צוגעפּאַסט, זאָגן זיך ארויס דערפאר, אז מע זאָל זען איינפירן א געוויסע אנדערע באַגריסונג־פאָרם".

אויב אָנעמען, אז אַ פאָרמולע פאר א באַגריסונג איז נייטיק, דארף מען מאַסקים זײַן מיטן כאַווער בראַוערמאַנס שטעלונג: די עטימאָלאָגיע (אָפּשטאַם) פונעם וואָרט איז פאר אונדז ניט וויכטיק, ביפראַט אין א באַגריסונג־פאָרמע. אזא פאָרמולע איז ריין קאָנווענציאָנעל (אַן אָפּגעמאַכטע זאַך) און נייטיקט זיך אין דער שטיצע פון אַן „אינעווייניקסטער פאָרמע" (קלאָרקײַט פון דער אָפּ־שטאַמונג). דאָס איז שײַעך צום רוסישן „ספּאסיבאָ", צום יידישן אָדער רוסישן „אדיע" (וואָס אין פראַנצויזיש האָט עס א פאַרבינדונג מיט „גאָט") א. א.

עפּשער איז גערעכט כ. זשוק, אז די פאָרמולע שטאַמט ביכלאַל ניט פון „גאָט", נאָר פון „גוט". אין מײַן דיאַלעקט (פּינסק) זאָגט מען „גוט העלפֿ".

איבעריקס גייט איצט אַרײַן אַלץ מער אין באַנוץ די פאָרמולע „זײַ גרייט".

די ווערטער „פּראָפּאַגאַנדע", „מאַנדאַט" האָבן א קירכלעכע אָפּשטאַמונג (פון דער קאַטוילישער רעליגיע), אָבער די אָפּשטאַמונג איז שוין פאַרגעסן — וואָלט געווען פּעדאַנטיש צו פאָדערן אויסשליסן זיי פון אונדזער רעוואָלי־ציאָנערן לעקסיקאָן.

אָט איז א בײַשפּיל פון אזא פּעדאַנטיזם. אין „איזוועסטיא" פאַרן 29־טן יאַנוואַר 1930 י. דערציילט כ. ווישינסקי א באַשלוס פון דער רעקטער־באַראַ־טונג צו פאַרבײַטן די נעמען „רעקטער", „דעקאַן" אַף אנדערע.

„פון הײַנט אָן וועלן אין דער שפּיץ פון די ווטוזן (טעכנישע הויכשולן) און וווזן שטיין ניט קיין רעקטערס („רעקטער" — אָט דעם טיטל האָבן צווישן אנדערע געהאַט אויך די הויפּטן פון מאָנאַכן־קאָלעגיעס) נאָר דירעקטערס, ווי אין יעדער אונטערנעמונג, אין דער שפּיץ פון פאַקולטעטן ניט קיין דעקאַנען (דעקאַנוס — אזוי האָבן געהייסן די פאַרוואַלטערס פון מאָנאַסטירן), נאָר א פאַרוואַלטער, ווי אין יעדן וואַרשטאַט, אין יעדן צעך".

כ. ווישינסקי איז ניט אינגאַנצן גערעכט.

דער נאָמען־פאַרבײַט איז באַרעכטיקט נאָר דערמיט, וואָס די הויכשולן ווערן דאָ טערמינאָלאָגיש צוגעגליכן צו אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. אָבער דער קירכלעכער אָפּשטאַם וואָס דער שרײַבער ווײַזט דאָ אָן אין קלאַמערן, איז ניט קיין מאָטיוו: סײַווי איז „רעקטער" און „דעקאַן" אַלס טערמינען פון דער קאַטוילישער קירכלעכער אָרגאַניזאַציע אונדז פרעמד און אומבאַקאַנט. ווען ס׳וואָלט געווען נאָר דער מאָטיוו אליין, וואָלט מען די נעמען ניט באַדאַרפֿט בײַטן.

* * *

דערדאָזיקער ארטיקל איז געליײגט געוואָרנ אלס פּאָרטראג אינ דער שפּראכ-סעקציע פונ דער יִדישער וויסנשאפטלעכער געזעלשאפט (מאָסקווע). אינ דער דיסקוסיע האָט מענ געווענדעט מײַנ אופמערקזאמקײַט אפ אזעלכע אויסדרוקנ, ווי גײַסט („א געזונטער קערפּער, א געזונטער גײַסט״), אפ שווע-פאָרמולעס („זאָל איכ אזוי האָבנ אלדאָס גוטס״— א רעשטל פונ אמאָליקנ גלויבנ אינ „קראפט פונ וואָרט״), פונ דער אנדערער זײַט — אפ אויסדרוקנ, ווי „די זונ גייט אופ״ (וואָס איז קעגנ דעמ וויסנשאפטלעכנ עמעס) א. ד. גל. ס'איז ריכטיק, אז דידאָזיקע אויסדרוקנ זײַנענ אינ דער שפּראכ רעשטלעכ פונ אמאָל, וואָס האָבנ שוינ איצט קיינ באַרעכט ניט — איכ מיינ אָבער, אז עס איז פּריצײַטיק צו ווענדנ אפ זיי דעמ פײַער.

מע קענ אָנווײַזנ נאָכ פראגעס, וואָס מע וועט דארפנ שטעלנ אינ דער גאנצער שארפ אביסל שפּעטער, צ. ב. ציטאטנ פונ פארגעסענע אונ פארגעסנ-ווירדיקע ביכער:

„צוליב א האָנ מיט א הונ איז אמאָל כאָרעוו געוואָרנ טור־מאלקע״ (אָ. 30).

אָט ווי ניסטער דריקט אויס זײַנ „פאראכטונג אונ עקל צו די שיקערס אונ געשיקטע״ (בייטנ ראמזינ-פּראָצעס [1]):

„... אונ געווענ זײַנענ זיי — די געמיינסטע, די געוויסנלאָסטע אונטערפאָלע-מערדער אונ קינדער-ווארגער, געשיקט פונ די אימפּעריאַליסטישע בלוטזויגער, פונ די הײַנטיקע פּואנקארעס ווי פונ די אמאָליקע פאַרעס, אונ א מיצראַיִמשנ באפעל האָבנ זיי פונ די פאַרעס פּואנקארעס באקומענ: אויב א טאָכטער (אויב דער נעפּ פירט צומ קאפּיטאליזמ), איז לאָזנ לעבנ, אויב אָבער א זונ (אויב דער נעפּ פירט צומ סאָציאַליזמ), איז דערווארג״.

אזעלכע מאגידישע שטיק מיט פּאָסעק־טײַטשנ זײַנענ אונדז דערווידער, אָבער אינ דער גענעט־סטער צײַט דארפ מענ קאָנצענטרירנ דעמ פײַער קעגנ דער דירעקטער שטיצע, וואָס די רעליגיע באקומט פונ דער שפּראכ.

---

[1] „שטערנ״ 1930, XII-7.

# קעגן שאָוויניזם

אסאָ בעכארטאָנו. — אינ אויסלאנד באזונדערס. — אויסראָטנ די שאָוויניסטישע נעמענ. — ניט צוגיינ צו דער שפּראַכ אינדיווידואַליסטיש. — דער סטיל קענ כאַלילע ליידנ. — וואָס טוט מענ מיט כרעסטאָמאַטיעס? — "סינאָנימיע. — שאָוויניסטישע נעמענ אינ אנדערע שפּראַכנ. — שפּראַכלעכער שאָוויניזם אונ שעדיקעריי.

ס'איז געווענ א צייט, ווענ יידנ זיינענ געווענ אנ אויסדערוויילטער פאָלק — די איינציקע וואָס גלויבנ אינעם עמעסנ גאָט אונ דינענ ניט צו אווידע־זאָרע. דעמאָלט האָט יעדער ייִד געדאנקט אונ געלויבט דעם אייבערשטנ, וואָס ער האָט אים ניט באשאפנ א גוי. אונ אזויווי צווישנ הייליק אונ אומריינ דארפ מענ „אָפּשיידנ" (להבדיל), האָט מענ די אלמענטשלעכע נעמענ מאנצבל, פרוי, ייִנגל, מיידל, געבאָרנ, כאַסענע, שטארבנ, עסנ, טרינקענ א.אז.וו. צוגעלאקכנט פאר זיכ, אונ פאר די ניט־יידנ געשאפנ א צאָל לעהאוודל־נעמענ: גוי, אָרל, גויע, שייגעצ, שיקסע, פייגערנ א. אז. וו.

די שאָוויניסטישע ווערטער עקזיסטירנ נאָכ אינ יידיש (ווי אינ אנדערע שפּראַכנ) ביז הייַנטיקנ טאָג, כאָטש מיר גלויבנ שוינ ניט דער אויסדערוויילטקייט פונעמ יידישנ פאָלק אונ כאָטש ס'זייַנענ שוינ פארשווונדנ (בא די ארבעטנדיקע) אויכ די ע מ ע ס ע אורזאכנ פונ אָט דעמ שאָוויניזמ. (די עמעסע אורזאכנ זייַנענ פארשטייט־זיכ ניט רעליגיעזע, נאָר סאָציאַל־עקאָנאָמישע). די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אורזאכנ זייַנענ פארשווונדנ, אָבער זייער אידעאָלאָגישער רעזולטאַט איז נאָכ געבליבנ — א דערשייַנונג, וואָס איז אונדז צומ באדויערנ צופיל באקאַנט.

זיי פארשווינדנ, עמעס, אָבער צו לאנגזאמ. „כאסלערע געהאט" (כאסענע געהאט), געשעקט א מאמזער (געבאָרנ א קינד) — הערט מענ שוינ זעלטענער (אונ אינ ליטעראַטור — טרעפט מענ דוכט־זיכ גאָרניט). זעלטנ הערט מענ, אז א ניט־יידישע מיידל איז א מעכוראָסניצע (א שיינע). אָבער אָפט רופט מענ זי דאפּקע „שיקסע", ניט „מיידל".

„פייוול האָט א כאפּ געטונ ביילענ, אורעמקע מיכליענ אונ וואָרע א שיקסל אונ געדריגעט מיט די פיסלעכ, אז די ערד האָט זיכ געגומענ רויכערנ הינטער זייערע פיס" (ע. גאָרדאָנ).

א געוויסער אונטערשייד קער דאָ זייַנ צווישנ אונדזער שפּראַכ אונ דער אויסלענדישער. מירנ אשטייגער אינ אונדזערער א צייַטונג ניט טרעפנ אזא פראַזע:

„די טעג איז אינ ווילנע דורכגעפירט געוואָרנ אנ אָריגינעלע גענייווע. פונ פראוואָסלאוונעמ צמענטער אפ בעלינע גאס איז נעלעמ געוואָרנ א שיינער מאציייווע־שטיינ, באצויגנ מיט בלעכ („ווילנער טאָג" 1930).

דער אויסלענדישער יִדישיסט, אפילע אז ער גלייבט ניט אינ גאָט, באשליסט זיכ ניט אָנווענדנ דעמ הייליקנ נאָמענ „בעסוילעמ" פאר א בעסוילעמ, ווו עס ליגנ פראוואָסלאוונע [1].

שוינ צײַט אָנערקענענ פאר א וויכטיקער אופגאבע אינ דער סאָוועטישער יִדישער שפראכארבעט אויסצוראָטנ פונ דער שפראכ די שאָוויניסטישע נעמענ.

„אָונדזער פאבריק באשטייט פונ 90 פראָצענט יִדנ. אונ דעריבער איז בא אונדז טאקע פאראנ דער אזויגערופענער „טראדיציאָנעלער" שאָוויניזמ. אָט דער טראדיציאָנעלער שאָוויניזמ איז דאָ אפילע בא א טייל קאָמוניסטנ אונ קאָמיוגיסטנ. בא אונדז האָט איר אפ ניט־יִדנ אזעלכע אויסדרוקנ: „גוי", „שיקסע" „פאָניע" אונ אנדערע ווערטלעכ. איכ האלט, אז דידאָזיקע ווערטער זײַנענ ניט בעסער, ווי דאָס וואָרט „זשיד". פונקט ווי דאָס וואָרט „זשיד" איז אנ אנטיסעמיטישער אויסדרוק, אזוי זײַנענ דידאָזיקע ווערטער שאָוויניסטישע פונ העכסטנ גראד.

„אינטערעסאנט, אז בא אונדז אפ דער פאבריק וועט איר דערהערנ דעמ וואָרט „זשיד", ווערט גלײַכ א געשריי וועגנ דעמ אנטיסעמיטישנ אויסדריק. אָבער אפ די אויבנדערמאָנטע ווערטלעכ פרווווט גאָר קיינער ניט רעאגירנ.

„דעמזעלבנ קאמפ, וואָס ווערט געפירט קעגנ אנטיסעמיטיזמ, דארפ מענ אויכ פירנ קעגנ דעמ טראדיציאָנעלנ שאָוויניזמ". (עמעס 3/II. 1929, גאָר־יאטשיק אָוו).

פריִער פאר אלצ דארפ מענ אזעלכע ווערטער אויסראָטנ פונ דער ליטע־ראַרישער שפראכ (אלס א העכערער אונ א מער קולטיווירטער). אטאכ האָט דאָ צו זאָגנ די שול.

די לעצטע צײַט זײַנענ געמאכט עטלעכע ארויסטרעטונגענ קעגנ די שאָווי־ניסטישע ווערטער. כוצ מײַנע ארויסזאָגונגענ אינ מינסקער „שטערנ" (№ 5—6 1926) אונ אינ דער פראָגראמ פונ יִדיש פאר דער שול („אפ די וועגנ" נ. 1 1928) קענ איכ דערמאָנענ כ. שיינגאָלדס אנ ארויסזאָגונג אינ כארקאָווער „שטערנ" 30. 4/IX, כ. פאלקאָוויטשעס אינ „ראטנבילדונג" נומ. 4 1930, כ' פינעסעס אינ „שטערנ" 31—19/IV.

מ. נאדיר האָט נאָכ אינ 1927 געשריבנ („פרײַהײַט" 27. X. 1):

„זאָל עס הייסנ בא אונדז: דער גוי, דער אייסעוו, דער כאמ, דער איוואנשטשיק, אונ — מיר בא אימ: דער זשיד, דער שיני, דער „קאיק"? אָדער — איכ כאימ, אונ דו איוואנ, אונ מיר ביידע ברידער, ארבעטנדיקע מענטשנ, כאווײרימ, שכײנימ".

אינ „עמעס" 26/I. 1930 איז געדרוקט פינטשעווסקיס א פראגמענט „פראדל" מיט אזעלכע פערזנ:

גייט א מיידל, גייט א „שיקסל"
מיט דער שווארצער בייט

[1]) מעגלעכ, אז דאָ איז ניט שאָוויניזמ, נאָר פּאָשעטער יִדישיזמ: „דאָס פאָלק רעדט אזוי".

וויפל האָט דען פּראָכאָר ביקסן?
וויפל דערפער גרייט?

דערצו מאכט די רעדאקציע אַ וויכטיקע אָנמערקונג:

„מיר האלטן, אז עס איז שוין לאנג געקומען די צײַט, אז סאָוועטישע יידישע שרײַבער און דיכטער זאָלן אופהערן באנוצן די אלט־פרעגקישע שאָוויניסטישע ווערטער ווי „שייגעץ", „שיקסע" „גוי", און אנד., אפילו ווען עס איז „נייטיק" צוליב א גראמ".

מע קען שוין באמערקן וווּ־ניט־ווו א שטרעבונג אויסצומײַדן די שאָוויניסטישע נעמען.

„פון די העלדן פון „שטארב גיכער" איז דער ייִד קריטשעווסקי אַן עמעסער בויער און דער ניט־ייִד סטשאָטשיקאָוו גייט אונטער" (א. פ. ל. „רויטע וועלט" 2—1 1930).

קריטשעווסקי איז דאָ ניט קיין „גוי", נאָר א „ניט־ייִד" (פרג.:

כ. פינקעלשטיין ווײַזט ארויס א נאציִאָנאליסטישע פאראכטונג צו די ניט־ייִדישע ארבעטער — מ. פ. 30, אָלגין).

אָפּט בארעכטיקט מען די שאָוויניסטישע ווערטער דערמיט, וואָס:

— איך לייג ניט ארײַן אין „גוי", „שייגעץ" קיינשום פאראכטונג אָדער ביטל־באציִונג.

ס'איז דערזעלבער אינדיווידואליסטישער צוגאנג צו דער שפראך, וואָס אין דער באציִונג צו רעליגיעזע ווערטער:

— איך גלייב סײַווי ניט אין גאָט — וואָס־זשע ארט עס, אז איך זאָג: „גאָט צו דאנקען"?

אָדער:

— איך קען קיין כומעש סײַווי ניט — וואָס־זשע ארט עס, אז איך זאָג „מעראגלים"?

מע פארגעסט, אז די שפראך כאפט ארום א קאָלעקטיוו, וואָס זײַנע מיטגלידער שטייען אָפּ פארשיידענע שטופעס. אייבער זאָגט „גוי" אָן שאָוויניזם, און פאר דעם צווייטן טיילט זיך די מענטשהײַט אָפּ ייִדן און גויִים. דער ערשטער שטיצט (שפראכלעך) דעם צווייטן.

א צווייטן בארעכט שטעלט מען ארויס פאר די שאָוויניסטישע ווערטער: זיי זײַנען אָפּט נייטיק צוליבן סטיל, צוליב אָרטיקער באפארבונג א.ד.גל.

און א דריטע טײַנע ספּעציִעל פאר כרעסטאָמאטיעס:

נו, אז שאָלעמ־אלייכעמ האָט פאָרט געשריבן „שייגעץ" — זאָלן מיר אים אין קיין כרעסטאָמאטיע ניט ארײַנעמען? אָדער פארבײַטן זײַנע ווערטער און פארדארבן זײַן סטיל?

א שרײַבער, וואָס שטעלט זײַן סטיל העכער פון אלץ, איז א אפּאָליטישער שרײַבער — און דאָס איז א קנאפּע מײַלע. ווען עס זאָל אפילו שטיין די פראגע אזוי שארף:

אָדער שאָוויניזם אָדער פארערגערונג פון סטיל—

וואָלט מענ געדאַרפט אויסקלײַבנ דאָס צווייטע. אָבער אזוי שמאָל האלט נאָכ גיט. דער שרײַבער זאָל נאָר וועלנ, זאָל נאָר האלטנ פאר נייטיק באקעמפנ דעמ שאָוויניזמ, וועט ער זיכ שוינ אנ אייצע געבנ אי מיטנ סטיל אי מיטנ גראמ.

וואָס שײַעכ כרעסטאָמאטיעס, לידער־זאמלונגענ א.ד.גל., איז וואָס קענ נאָכ זײַנ קלאָרער, אז מע מוז פאריכטנ די איבערגעדרוקטע זאכנ אינ יענע פראָטימ, וואָס גייענ פונקט אינ קעגנזאצ צו אונדזער אידעאָלאָגיע?

נאָכ א פערטע טײַנע קומט אויס צו הערנ, שוינ גאָר א שוואכע:

אויסשליסנ פונ דער שפראכ „גוי, שייגעצ“ א. אז. וו.? אָבער „שייגעצ“ באטײַט אָפט א „שטיפער“ (מיט א געווויסנ ניואנס, ווי ביכלאל בא סינאָנימענ). זאָל מענ זיכ אָפּזאָגנ פונ א סינאָנימ אונ פאראָרעמערנ די שפראכ?

פארשטייט זיכ, אז „שייגעצ“ אלס „שטיפער“ איז גיט קיינ שאָוויניסטישער וואָרט אונ קענ בלײַבנ אינ דער שפראכ. דאָס וואָס דערלערנענדיק די געשיכטע פונ דעמ וואָרט, וועט מענ זיכ אָנשטויסנ אפ זײַנ שאָוויניסטישנ טײַטש, איז קיינ אומגליק גיט.

די פראגע וועגנ שאָוויניסטישע ווערטער שטייט ניט נאָר אינ ייִדיש.

„דער צענטראל־קאָמיטעט פונ דער פארטיי אינ ווײַסרוסלאנד האָט באשטימט פאָרצולייגנ דער ווײַסרוסישער רעגירונג אָפּצושאפנ פונ דער ווײַס־רוסישער שפראכ דאָס וואָרט „זשיד“, וואָס רופט ארויס געפילנ פונ באליידיקונג בא דער ייִדישער באפעלקערונג, האגאמ אינ דער שפראכ אונ אינ דער ליטעראטור ווערט דאָס וואָרט באנוצט ניט פאר באליידיקונג“. (וועקער 1925 VII. 31).

„מיט א צײַט צוריק האָט דער פרעזידיומ פונ „אוקרוויסנשאפט“ באשלאָסנ אויסצושליסנ פונ דער אוקראַיִנישער טערמינאָלאָגיע די באליידיקנדיקע צונע־מענישנ ווי „זשיד“, „קאצאפ“, כאָכאָל“ א. ד. גל. („שטערנ“ 1929. VII. 9).

עמעס, אינ גרינטשענקאָס אוקראַיִנישנ ווערטערבוכ, קיִעוו 1927, זײַנענ פאראנ זשידיאָנאָק, זשידאָק, זשידאָטשעק א. אז. וו. אונ אינ „עמעס“ 1929, 7/IV קלאָגט זיכ דערופ איינער א לייענער. אָבער — ס'איז דאָ א סאָד דערבײַ. אונ דער סאָד איז אופגעדעקט געוואָרנ ערשט שפעטער, ווענ די אקאדעמיקער יעפרעמאָוו אונ ניקאָווסקי (די רעדאקטאָרנ פונעמ ווערטערבוכ) האָבנ פארנומענ זייער אָרט אפ דער שולדיקער באנק אלס מיטגלידער פונ א קאָנטר־רעוואָ־ליוציאָנערער אָרגאניזאציע (CBY).

זיי זײַנענ געווענ שפראכלעכע שעדיקער. דערפאר האָבנ זיי פראָפּאגאנדירט שאָוויניסטישע ווערטער.

---

# ארומ א דרוקפעלער

## (דיַאלאָג)

A. ליַיענט איבער אפ א טשיקאווערשטש אָט די מעלדונג אינ „עמעס“ 27/VII. 1930.

B. „מעלדונג.

„בײַ-פּאָלטאווקער לאנדווירטשאפטלעכער אינסטיטוט מעלדעט א קאָנקורס אפ פארנעמענ פּאָל-גנדיקע וואקאנסיַעס.

„1) אָנפירער פונ דער קאטעדרע“ א. אז. וו.

„די מעלדונגענ אינ קורצע „קוליקומווישע“ אָפּשיקנ ביזנ 1־טנ אווגוסט לויטנ אדרעס...

„מע מוז אומבאדינגט באהערשנ די יידישע שפראכ“.

קוליקומווישע? ער מיינט אווּאדע „קוריקולומ וויטע“?

A. געוויס.

B. א פיַינעמ טאכלעס האָט מענ געמאכט פונ קוריקולומ וויטע. ווי מיינט איר — ס'איז שול-דיק דער קאָרעקטער צי טאקע דער אינסטיטוט?

A. גראָד דאָס אינטערעסירט מיכ ווייניק. פונ א קאָרעקטער פונ א יידישער צײַטונג קענ מענ ניט פאָדערנ, ער זאָל קענענ לאטײַניש (האלעווײַ זאָל ער יידיש קענענ ווי געהעריק!). א לאנד-ווירטשאפטלעכער אינסטיטוט מעג אייגנטלעכ אויכ קיינ לאטײַניש ניט קענענ...

B. אונ פארנ לייענער איז סאָפּקאָלסאָפּ אלציינס, קוריקולומ וויטע צי קוליקומווישע. דער וואָס קענ לאטײַניש, וועט באלד פארשטיינ, וואָס מע מיינט, אונ דער וואָס קענ נישט — וועט אָנ א דרוקפעלער אויכ נישט פארשטיינ.

A. טאקע אזוי. צו וואָס-זשע דארפ די דירעקציע פונ אינסטיטוט באנוצנ אזא וואָרט, וואָס ערשטנס. וועט דאָ אָדער דער איבערשרײַבער אינ אינסטיטוט אָדער דער זעצער אינ „עמעס“ מאכנ אזא גרײַז, אונ צווייטנס (דעריקער) וועט מענ אימ אָנ א גרײַז אויכ ניט פארשטיינ? בעסער וואָלט זי געשריבנ „אווטאָביַאָגראפיע“, אז יעדער זאָל פארשטיינ, וואָס מע מיינט.

B. איר קענט נאָכ צוגעבנ: וואָס מע פארשטייט אפילע מ י ט א דרוקפעלער!

A. אפילע מ י ט א דרוקפעלער. אווטאָביַאָגראפיע מיט א דרוקפעלער אונ קוריקולומ וויטע אָנ א דרוקפעלער איז נ אָ כ ניט גלײַכ.

B. מיילע א וויצ קענ מענ פונ אלצ מאכנ. „קוריקולומ וויטע“ איז פאָרט עפּעס. — עפּעס... שענער, ס'איז עפּעס, ווי זאָל איכ זאָגנ...

A. פראָפעסערשער?

B. יע, פאר א ווּז פאסט עס עפּעס מער ווי „אווטאָביַאָגראפיע“.

A. פאר א ווּז? עפּשער פאר א אוניווערסיטעט, פאר א בעקאָוועדיקנ אייראָפּעיַשנ בורזשו-אזנ אוניווערסיטעט, ניט פאר א סאָוועטישנ ווּז.

B. אָבער קוריקולומ וויטע האָט שוינ א טראדיציע, ס'האָט שוינ א באזונדער אטמאָספערע, אנ אראָמאָט אזוי-צו-זאָגנ. וואָס ארט אײַכ, אז דער ווּז זעצט פאָר, אינ דעמ פראט, די טראדיציע פונ אוניווערסיטעט?

A. עס ארט מיכ איבער צוויי זאכנ. ערשטנס: מע קענ זײַנ א גוטער „אָנפירער פונ א קאטעדרע פונ פעלדצוכט (אלגעמיינע אונ ספּעציַעלע)“ אונ ניט קענענ קיינ לאטײַניש. די דירעקציע

פאָרט דאָך נאָר, מע זאָל אומבאַדינגט באַהערשנ די יידישע שפּראַכ, ניט די לאַטייניש‏ע. איז איינ ס'איז פאַראַנ אַזאַ קאַנדידאַט, וועט ער איבערלייענענ די מעלדונג און — סיידנ גייג צו אַ „באַ-קאַנטנ פּראָוויזאָר" (ווי אינ שאָלעמ-אַליי‌כעמס אַ דערציילונג) און פּרעגנ, וואָס הייסט קוליקומווישע (אַדער קוריקולום וויטע)? איז נאָך גוט, ער זאָל וויסנ, אַז דאָס איז לאַטייניש;

B. און ער זאָל האָבנ אַ באַקאַנטנ פּראָוויזאָר...

A. און צווייטנס אַרט עס מיך פּרינציפּיעל. איר'ט אַליינ געזאָגט: טראַדיציע, אַטמאָספערע, אַראָמאַט. אָבער וואָס פאַר אַ אַטמאָספערע און אַראָמאַט? וואָס באַטייט אָט די טראַדיציע אידע-אָלאָגיש?

B. נו, אידעאָלאָגיש איז עס דאָפקע ניט שלעכט — אַ סימבאָל פונ אינטערנאַציאָנאַליזמ. ס'איז אַ זייכער פונ יענער צייט, ווענ לאַטייניש איז געווענ די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַכ פאַר גאַנצ אייראָפּע, פאַר דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט. און נאָך היינט אויכ — יעדער פּראָפעסער, יעדער וויסנשאַפטלער ווייס „קוריקולום וויטע".

A. אַ פיינער כאַפּ — פונ „גאַנצ אייראָפּע" ביז „יעדנ פּראָפעסער"! קיינמאָל איז אייראָפּע ניט באַשטאַנענ בלויז פונ פּראָפעסאָרנ, און קיינמאָל איז לאַטייניש ניט געווענ קיינ אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַכ פאַר די מאַסנ. ס'איז געווענ אַ פּראָפעסיאָנעלע אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַכ בא פּראָפעסאָרנ, גאַלאָכימ, דאָקטוירימ.

איר זייט גערעכט, אַז לאַטייניש איז אַ סימבאָל. אָבער וואָס סימבאָליזירט עס? ניט דאָס, וואָס איז אונדז טייער, ניט די אינטערנאַציאָנאַלע סאָלידאַריטעט פונ די אַרבעט-מאַסנ. ס'איז אַ טויטע שפּראַכ און עס סימבאָליזירט אַ פאַרשטאָרבענע וועלט. און דערפאַר דאַרפנ אונדזערע סאָוועטישע וווזנ זיכ אָפּזאָגנ פונעמ „רייטוואָגנ פונעמ לעבנ" און אַריבערגייג אָפּ דער טאָגטעגלעכער מאָדער-נער „אווטאָביאָגראַפיע", פּונקט ווי די אַלרוסלענדישע באַראַטונג וועגנ העכערער מעדיציגישער בילדונג האָט באַשלאָסנ[1], אַז

„די אופהיטונג פונ לאַטייניש אינ מעדיצינ איז אַנ איבערלעבס פונ מיטלאַלטער און ס'איז אינגאַנצנ צייטפאַסיק אַריבערצופירנ דעמ אונטעריכט אינ דער העכער'ער מעדיציגישער שול אינ גאַנצנ אָפּ רוסיש, זיכ אָפּזאָגנ פונ דער לאַטיינישער טערמינאָלאָגיע סיי אינ רעצעפּטור, סיי אינ אַלע מעדיציגישע דיסציפּלינעס".

B. הערט זיכ איינ: עפּשער וועט איר מיר זאָגנ, פונ וואָס פאַר אַ שפּראַכ שטאַמט „אווטאָ-ביאָגראַפיע"?

A. דאָס ווילט איר, איכ זאָל אייכ ענטפערנ, אַז פונ לאַטייניש און אַלט-גריכיש, וועט איר זאָגנ, אַז ס'איז אויכ טויט, ווי „קוריקולום וויטע"?

B. יע, יע — געטראָפנ.

A. איז אָבער דער כילעק צווישנ אַ לאַטיינישנ אויסדרוק ווי „קוריקולום וויטע" און אַ מאָדערנעמ אינטערנאַציאָנאַלנ וואָרט ווי „אווטאָביאָגראַפיע", וואָס דער ערשטער איז דאָס ראָור שויב ניט פאַרשטאַנדיק און דער צווייטער איז, אינ ערגסטנ פאַל, נאָך ניט פאַרשטאַנדיק. „אווטאָביאָגראַפיע, אַעראָדראָמ, דירעקטער" און הונדערטער אַנדערע זיינענ אַנ אָנהייב פונ אַ נייער אינטערנאַציאָנאַלער שפּראַכ, אַנ אַלוועלטלעכע שפּראַכ פאַר דער מאַסע, ניט נאָר פאַר דער אינטע-ליגענצ. אויב איינער ווייס ניט „אווטאָביאָגראַפיע", דאַרפ מענ אימ לערנענ — ס'איז נוציק. אויב איינער ווייס ניט „קוריקולום וויטע", זאָל ער לערנענ—בילכערע זאַכנ, און דאָס מעג ער ניט וויסנ.

B. איז קעדיי געווענ אַזוי לאַנג שמועסנ וועגנ עפּעס אַ דרוקפעלער?

A. מיר האָבנ געשמועסט ניט וועגנ דעמ דרוקפעלער, נאָר אַרומ דעמ דרוקפעלער. ער האָט אונדז געגעבנ אַ געלעגנהייט זיכ דורכריידנ אָפּ אַ טעמע, וואָס איז פיל וויכטיקער ווי אַ דרוק-פעלער: אַריסטאָקראַטישער אינטערנאַציאָנאַליזמ פונ נעכטנ און פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַליזמ פונ היינט.

---

1) Известия 3/IV. 1930.

# סובאָטניק — כוידעש־קאמפאניע — פינפיאָר

1. דעמ רוסישנ субботник זעצט מענ איבער פארשיידנ:

„וועט דער אָקטיאבער־יאָנטעוו בא אונדז אינעמ ראטנפארבאנד פארצייכנט ווערנ אויכ דורכ א קאָמיוגישנ שאבעס“ (ע 27).

„כ׳ לעניג וועגנ די קאָמוניסטישע ארבעט־שאבאָסימ“ (ע 27). אינעמ זעלביקנ ארטיקל:

„לעניגס א רעדע וועגנ די ארבעטס־שאבאָסימ“ (ע 27).

„באראטונג וועגנ קאָמיוגישנ שאבעסניק“ (אָ 27).

„דורכפירנ אנ אלוועיסרוסישנ שאבעסניק פונ דער ארבעטנדיקער יוגנט“ (אָ 27).

„דער קאָמיוג [האָט] איינגעאָרדנט א „שאבעסניק“ (ש. 28)).

„עס איז אויכ באשטימט געוואָרנ איינצואָרדענענ א שאבעס לעטויוועס די אָרעמע שילער פונ דער שול“ (ע 28).

„דורכגעפירט א שאבעסניק. אינ עמילטשינע (קאָראָסטענער קריַיז) האָט דער קאָמיוג אינעמ טאָג פונ יאָנקיפער דערקלערט אנ ארבעט־שאבעס לעטויוועס דעמ קאמפ מיט אמעראצעס“ (יונגע גווארדיע 28).

„אָרגאניזירט שאבעסניקעס“ (אָ 30).

2. אנאלאָגיש איז מיט воскресник

א „זונטיקניק“ (ש. 27).

„די צוגרייטונג צומ „געזערד־זונטיק“ (ע 28).

„מינסקער אייַזנבאנער אָרדענענ איינ א זונטיקניק“ (אָ 30).

אינ ארטיקל, וואָס טראָגט דעמדאָזיקנ נאָמענ, ווערט דערציילט:

„די ארבעטער האָבנ איינשטימיק באשלאָסנ: פונ 6־טנ ביזנ 16־טנ אווגוסט נאָכ מער פאנאנדערוויקלענ דעמ סאָצגעוועט אונ שלאָגלעריַי, דורכפירנ א זונטיקניק לעטויוועס דעמ אינדוסטריַאליזאציע־טאָג. צוליב דער קעסיידער־וואָכ וועט יעז׳ער איינער ארבעטער אָפארבעטנ איינעמ פונ זייַנע רו־טעג“.

ד. ה. דער „זונטיקניק“ וועט אויספאלנ ניט דאפקע זונטיק. דערזעלביקער אינדוסטריַאליזאציע־טאָג, וואָס הייסט אינ „אָקטיאבער“ זונטיקניק, פיגורירט אינ Известия מיטנ נאָמענ Субботник:

С 6 по 16 августа рабочий класс Советского Союза будет проводить субботник индустриализации (Известия 1930).

אויב מע זאָל נאָכ נעמענ אינ באטראכט דעמ נײַעמ קאלענדאר (פינפטאָגיקע וואָכ), וועט שוינ קלאָר ווערנ, אז די ווערטער субботник אונ воскресник רײַסנ זיכ אָפּ, האָבנ זיכ שוינ אָפּגעריסנ פונ זייער ערשטנ באטײַט (א שאבעס־טאָג, פארנומענ מיט געזעלשאפטלעכ־נייטיקער ארבעט — א זונטיק־טאָג, פארנומענ מיט געזעלשאפטלעכ־נייטיקער ארבעט). בא הײַנטיקנ טאָג זײַנענ שוינ субботник אונ воскресник — ווערטער מיטנ זעלביקנ באטײַט. לויט אנ אלגעמײנעמ פרינציפּ אינ שפּראכלעבנ קענ מענ פאָרויסזענ, אז פונ די צוויי ווערטער וועט בלײַבנ נאָר איינער. גיכער וועט בלײַבנ ווײַזט אויס субботник, וואָס איז פארבונדנ מיטנ אָנהייב פונ דעמדאָזיקנ אײַנפיר (דערמאָנט זיכ לענינס בראָשור וועגנ „סובאָטניקעס", ניט וועגנ „וואָסקרעסניקעס"), אונ וואָס האָט ניט די אומאנגענעמע רעליגיעזע אסאָציאציע מיט воскресенье (קריסטוסעס פונ־טויט־אופלעבונג).

וואָס שײַעכ יידיש, איז אויב פריער, באמ אלטנ קאלענדאר, האָט נאָכ געהאט א זינענ איבערזעצנ די רוסישע טערמינענ, — מעג מענ אָבער איצט פאָשעט איבערנעמענ דעמ רוסישנ „סובאָטניק" (אומאָפּהענגיק פונעמ טאָג פונ וואָכ). אינ רוסיש גופע ווערט ער אָפּגעריסנ פונ суббота, וואָרעמ суббота ווערט פארגעסנ; אינ יידיש ווערט פונקט אזוי פארגעסנ „שאבעס" — צו וואָסזשע דארפ מענ דעמ באגריפ „טאָג אָפּגעגעבנ אפ געזעלשאפטלעכ־נייטיקער ארבעט" באהעפטנ צומ וואָרט „שאבעס"?

3. פאר месячник טרעפנ מיר:

„א „כוידעשניק" אפ צו פארשפרייטנ די יידישע קאָמיוגישע פרעסע" (ש 28).

„דורכפירנ דעמ כוידעשניק פונ ליקווידירנ די אמעראצעס" (אָ 27).
„דעמ 15־טנ אווגוסט ענדיקט זיכ שוינ די כוידעש־קאמפאניע, וואָס ווערט איצט דורכגעפירט..." (ע 30).
„כוידעשניק" פונ וואלד־פארגרייטונגענ" (אָ 30).
„א כוידעשניק אפ ליקווידירנ דעמ דורכרײַס" (ש 30).
„צומ 1־טנ סענטיאבער ה. י. הייבט זיכ אָנ אינ אוקראינע א כוידעש פונ ריינקײַט" (ש 30).

מיר זעענ, אז נאָכ אינ 1930 שרײַבט מענ אמאָל „כוידעשניק" אינ פיסלעכ. איכ וואָלט בעסער אָנגענומענ דעמ מער אויסדריקלעכנ, כאָטש לענגערנ „כוידעש־קאמפאניע".

4. ווײַטער האָבנ מיר:

דרײַטאָגניק (קאָמפאָנ 23).
צווייוואָכעניק (ש 28).
דורכפירנ א 2־וואָכעניק (אָ 30).

צווייוואָכעניק (אָ 30).

א דערנערונגס־„דריי־וואָכ" (וועקער 21).

עפשער בעסער: א דריי־טאָג, א צווייוואָכ — זיי קענען זיך שטיצן אפ אנאלאָגיעס: „דרייפוס" באטייט „עפעס (ספעציעל א קיילע) מיט דריי פיס", „פירעק" באטייט „עפעס (ספעציעל — א געאָמעטרישע פיגור) מיט פיר עקן". ווייטערדיקע אזעלכע אויסבילדונגען — אינ דער שפאסיקער פאָלקרעטעניש:

„זיצט א צווייפוס אפ א דרייפוס, האלט אנ איינפוס. קומט א פירפוס און כאפט דעם איינפוס. לויפט דער צווייפוס, יאָגט דעם פירפוס, פאלט דער דריי־פוס". (צווייפוס — א שוסטער, דרייפוס — א בענקל, איינפוס — א שוכ, פירפוס — א הונט).

קענ מענ הייסט־עס זאָגנ, אז אינ יידיש איז פאראנ אזא טיפ צונויפזאצ: צאָלנאָמענ + סובסטאנטיוו (אינ איינצאָל), וואָס באטייט: עפעס, וואָס אנטהאלט די אָנגערופענע זאכ אינ דער אָנגערופענער צאָל.

די ווערטער דריי-אייניקייט (טערמינ פונ קריסטלעכער רעליגיע — גאָט איז אינ דריי פערזאָנען), דריי-קלאל (מאטעמאטישער טערמינ тройное правило[1]) זיינען צונויפזאצנ לויטנ געוויינלעכנ גערמאנישנ טיפ. זייער עקזיסטענצ רייסט ניט אונטער דעם טיפ צונויפזאצ, וואָס ווערט דאָ באַ־האנדלט. וועגנ „יאָרהונדערט" — זע ווייטער.

פאר двухмесячник, ווענ מע זאָל דארפנ אזא וואָרט, וואָלט מענ געקענט זאָגנ א צ ו ו י י כ ו י ד ע ש אָדער א צ ו ו י י מ אָ נ א ט. (דער סובסטאנטיוו קומט דאָ אינ דער איינצאָל־פאָרמע).

5. די נייע פינפטאָגיקע וואָכ הייסט פינפטאָג:

„דערשיינט 2 מאָל אינ א פ י נ פ ט אָ ג" (אָדעסער ארבעטער 30).

אָבער פאר א מעשעכ פונ 10 טעג איז שוינ פאראנ א אינטערנאציאָנאלער וואָרט ד ע ק א ד ע.

6. „דער פ י נ פ י אָ ר אינ פיר יאָר" (ע 20).

„דאָס פ י נ פ י אָ ר" (ש 30).

„פארווירקלעכנ דעם פ י נ פ י אָ ר־פ ל א נ אינ א גיכערנ טערמינ" (ש 30).

„אנטקעגנשטעלנ דאָס צ ו ו יי־י אָ ר צום פינפיאָריקנ פלאנ" (ש 30).

„י אָ ר פ י נ פ" (פראָל. פאָנ 30).

האָט пятилетка צוויי באטייטנ: 1) דער דויער פונ פינפ יאָר (פרג. три пятилетки), 2) דעם פלאנ פונ סאָצבויונג, אויסגערעכנט אפ פינפ יאָר. אינ צווייטנ פאל שיידט זיכ עס אונטער פונ пятилетний план נאָר עמאָ־ציאָנעל: пятилетний план איז „פייערלעכער", пятилетка — פאמיליארער, היימישער. די ניואנסירונג מעג בלייבנ אינ יידיש אויכ, דעריבער קענ מענ אונטערשיידנ:

פינפיאָר־פלאנ (דער פולער נאָמענ).

[1]) קיינ אנדערע אזעלכע „אויסנאמענ" האָב איכ בא הארקאווינ ניס געפונענ.

פינפיאָר (דער טאָגטעגלעכער געקירצטער נאָמענ).

פינפיאָר (אזוי „צוויייאָר" אונ אנדערע מעגלעכע ווערטער) שטיצט זיכ אפ דיזעלביקע אנאלאָגיעס, וואָס „צווייוואָכ" א.א. מע דארפ דאָ נאָר אָפפרעגנ די מעגלעכקײַט צו שטיצנ זיכ אפ „יאָרהונדערט". „יאָרהונדערט" איז א צונויפזאצ פונ גערמאנישנ טיפ (נאָר מיט אומנאָרמאלער אקצענטירונג), ווו דער צוויי-טער טייל איז ניט קיינ צאָלנאָמענ אינ אייגנטלעכנ זינענ, נאָר א סובסטאנטיוו (פרג. מערצאָל „יאָרהונדערטער"). אזוי קענ מענ זאָגנ „יאָרטויזנט", אָבער „פינפ" אונ נאָכ אזעלכע זײַנענ ניט קיינ סובסטאנטיוונ, דעריבער קענ מענ ניט בילדנ קיינ „יאָרפינפ", „יאָרצענ" א. ד. גל. (ס'קענ זײַנ „יאָרצענדליק").

---

# ייִדיש! ייִדיש!

פארנ ייִדישיסטישנ פוריזמ זײַנענ כאראקטעריסטיש עטלעכע טענדענצנ. כ'האָב שוינ גערעדט וועגנ צוויי — אנטלויפנ פאר רוסיזמענ אונ שלעפנ ווערטער פונ העברעיִשנ ווערטערבוכ (אָדער אופהאלטנ אָפשטארבנדיקע העברעיִזמענ). איצט וועגנ נאָכ א פאָר טענדענצנ.

כ'וועל דאָ ציטירנ א דיסקוסיע ארומ „ייִדישלעכקײַט" אונ „פאָלקסטימלעכקײַט".

אינ א רעצענזיע אפ „דער ייִדישער שפראַכ" („עמעס" 1928. 5/IV) האָט א. גורשטיינ קריטיקירט אייניקע פאלשע טענדענצנ פונ דעמ זשורנאל:

„דאָס זײַנענ פריִער פאר אלצ גאנצ בוילעטע סימאָנימ פונ א געוויסנ „פוריזמ" (איבערגעטריבענער שפראַכ־„ריינקײַט"); „ייִדישלעכקײַט" איז צו א באגלויבטער קריטעריומ פארנ זשורנאל.

„ניט אפנ וועג צו „ייִדישלעכקײַט" גייענ אָבער די עמעסדיקע טענדענצנ פונ אונדזער מאָדערנער שפראַכ־אנטוויקלונג. דער לעבעדיקער שפראַכלעכער פראָצעס מיט דער שטענדיקער דיפערענצירונג פונ באזונדערע שפראַכלעכע „שיכטנ" דיקטירט א מער טאָלעראנטע באציִונג צומ „נײַעמ", ניט אָפגעזעצטנ וואָרט אונ אויסדרוק. דאָסזעלבע האָט אויכ א שײַכעס צו די „אנטלייִענע" פרעמדשפראַכיקע ווערטער.

„נאָר ניט בלויז „ייִדישלעכקײַט", עס איז פאראנ נאָכ א קאטעגאָריע, וואָס האָט פאר אונדזער זשורנאל שיר ניט קיינ אבסאָליוטע באדײַטונג: דאָס איז די אזויגערופענע „פאָלקסטימלעכקײַט". בא דער איצטיקער דיפערענצירונג פונ שפראַכ איז דאָס בעפּיירעש אנ אָפגעלעבטע, איכ וואָלט געזאָגט א פאנטאסטישע קאטעגאָריע; יעדנפאלס אָפערירנ מיט איר מעג מענ בלויז אינ שטרענגע קאָנקרעט־געשיכטלעכע גרענעצנ. די רעדאקציע פונ דער „ייִדישער שפראַכ" אנערקענט דאָכ אליינ (אינ איר ארײַנפיר־ארטיקל אינעמ ערשטנ נומער), אז פאָלק־שפראַכ מיינט די שפראַכ, וואָס „מיר הערנ זי באמ עלטערנ דאָר אינ מויל" אונ וואָס „איז פיקסירט באמ עלטערנ דאָר ייִדישע שרײַבער ביז שאָלעמ־אלייכעמענ". אָבער פאקטיש אפעלירט דער זשורנאל אפ שריט אונ טריט צו דערדאָזיקער פאָלקס־שפראַכ אלס צו דער העכסטער אינסטאנצ. דער גאנצער אָנראַכמאָנעסדיקער קאמפ, וואָס נ. שטיפ האָט דערקלערט דער פאסיווער זאצ־קאָנסטרוקציע, דער קאָנסטרוקציע, וואָס

באווײַכערט אונדזער שפראך מיט א רײַ ניואנסן און שאטירונגען,— אָט דער גאנצער קאמפ שטיפס גייט ער דען ניט ארויס (אין א גרויסער מאָס) פון דער האנאָכע, אז די פאסיווע קאָנסטרוקציע איז פרעמד דער יידישער „פאָלקס־שפראך״? אָבער אין וואָס פאר א לאָשן איז ניט „פרעמד״ דער „פאָלקס־שפראך״ די פאסיווע קאָנסטרוקציע, ווי יעטווידע מער קאָמפליצירטע סינטאקסישע קאָנסטרוקציע? מיר וואָלטן פײַן אויסגעזעען, אויב מיר וואָלטן געגאנגען לערנען דעם קאָמפליצירטן זאץ־בוי בא דער אזויגערופענער „פאָלק־שפראך״! מע טאָר ניט פעטישירן [1]) די „פאָלק־שפראך״, מע דארף זאָגן קלאָר און אָפן, אז דאָס איז ניט מער ווי א געוויסער „סאָציאלער דיאלעקט״, וואָס גילט פאר א געוויסן געשיכטלעכן פעריאָד. בא דער הײַנטיקער שפראך־דיפערענצירונג איז דערדאָזיקער באגריף קימאט אינהאלטלאָז״.

די רעדאקציע פון „ייד. שפראך״ האָט ארויסגערופן א. גורשטיינען („ייד, שפראך״ № 10) אפ א גרעסערן ארטיקל, ווו ער זאָל ענטפערן:

„1. וואָס איז אזוינס יידישלעכקײַט און וואָס האָט ער אזוינס געפונען פון דעם מין קאָנקרעט אינעם זשורנאל?

2. צי איז פאָלקסטימלעכקײַט אין דער שפראך א כיסאָרן? אויב נישט ביכלאל, און נאָר אין געוויסע פאלן, איז וואָס זײַנען קאָנקרעט דידאָזיקע פאלן אין זשורנאל?״

אין „יידישער שפראך״ № 14 האָט א. גורשטיין געענטפערט וועגן אייניקע טײַנעס צו דער „ייד. שפראך״, ש. דאָבין איז ארויסגעטראָטן „קעגן די טײַנעס״, און די רעדאקציע האָט פון איר זײַט אויך געפרווט אָפּפרעגן גורשטיינס טײַנעס.

גורשטיינס געדאנקענגאנג איז אזא:

דער אלגעמיינער פראָצעס פון קעגנזײַטיקע באציִונגען און ווירקונגען צווישן פארשיידענע שפראכן און קולטורן ברענגט אומפארמײַדלעך צו גלײַך און גלאטיק מאכן די שארפע קאנטן, ברענגט צו א געוויסער ניוועלירונג אין די גרענעצן פון באזונדערע שפראכן, וואָס געפינען זיך אין דעם אלגעמיינעם קולטור־פארקער.

די גערעדטע שפראך (באזונדערס די אזויגערופענע „פאָלקס־שפראך״), אפ וויפל זי ווערט ניט דירעקט ארײַנגעצויגן אין דעם „קולטור־פארקער״, פארהיט אמשטארקסטן אירע אייגנטימלעכקײַטן, בעשאס די „קולטור־שפראך״ (די ליטעראריש, די שריפטלעכע שפראך) מאכט דורך דעם אלגעמיינעם „ניוועלירונג״־פראָצעס.

גורשטיין שטיצט זיך דאָ אפן ווייניק באקאנטן רוסישן שפראכלער באָגאָ־ליובאָוו; נאָר ענלעכע אידייען וואָלט ער געקענט געפינען בא מארן, דעם גרינדער פון דער יאפעטישער שפראך־וויסנשאפט, און בא אנדערע לינגוויסטן.

„דעריבער, אויב מיר קומען צו אונדזער שפראך מיט „רייניקונג״־צוועקן (און אזוינע צוועקן זײַנען געוויס בארעכטיקט, ווײַל מיר גלויבן נישט אין

[1]) א באקוועמערע, איינפאכערע פאָרמע ווי „פעטישיזירן״.

דער בלינדער „סטיכייִשקייט“ פונ דער שפּראַכלעכער טעטיקייט), איז דאָס ערשטע, וואָס מיר דאַרפנ פאַרמאָגנ, איז א גרעסערע טאָלעראַנצ בענגייע צו די „נייַע“ ווערטער אונ אויסדריקנ, וואָס האָבנ זיכ נאָכ ניט אָפּגעזוצט אינ אונדזער שפּראַכ, ווי אויכ צו די פרעמדשפּראַכיקע „אַנטלייִענע“ ווערטער. פּונקט אַזוי ווי מיט העכער הונדערט יאָר צוריק האָט קאַראַמזינ געבילדעט לויט דעמ פראַנצויזישנ אונ דייַטשישנ מוסטער דאָס רוסיש וואָרט „влияние“, פּונקט אַזוי מאַכנ מיר נאָכ דעמ רוסישנ וואָרט „нагрузка“ אונ זאָגנ „אָנלאָדונג“. די צייַט האָט באַרעכטיקט קאַראַמזינס כידושימ, לאָמיר זיכ ניט שרעקנ פאַר אונדזער „אָנלאָדונג“. מע דאַרפ גוט מעסטנ אונ וועגנ איידער מיר באַשליסנ זיכ אפּ א בייזנ פּסאַק־דינ. עס איז דאָ גרינג אַרייַנפאַלנ אינ פּוריסטישער פרומקייַט, אונ „פּוריזמ“, אינ די גרענעצנ פונ ייִדישער שפּראַכ באַטייַט טאַקע ייִדישלעכקייַט“.

דידאָזיקע פּוריסטישע ייִדישלעכקייַט געפינט גורשטיינ אינ דער פּראַקטישער ליניע פונעמ זשורנאַל. די רעדאַקציע מייַדט אויס „דערגרייכנ“ אונ שרייַבט „דערלאַנגענ“, אָנשטאָט „געלונגענ“ שרייַבט זי אומבאַדינגט „געראָטנ“, א. אז. וו.

כוצ ייִדישלעכקייַט איז נאָכ פאַרנ זשורנאַל א וויכטיקער קריטעריִ — „פאָלקסטימלעכקייַט“. נאָר „מע האָט געקענט ריידנ וועגנ „פאָלקס־שפּראַכ“, וועגנ „פאָלקסטימלעכקייַט“, ווענ מיר האָבנ געהאַט צו טונ מיט א ניט־דיפערענצירטער (אָדער שוואַכ־דיפערענצירטער) פאָלקס־מאַסע. וואָס עס וואַקסט מער די סאָציִאַלע דיפערענציִאַציע, פאַרלירט אַלצ מער דער באַגריפ „פאָלקסטימלעכקייַט“ זייַנ אינהאַלט. דאָס איז א געשיכטלעכער באַגריפ.

אָבער בענגייע צו די אויפגאַבנ פונ אונדזער זשורנאַל ווערט די פראַגע פיל קאָמפּליצירטער, ווייַל „די ייִדישע שפּראַכ“ איז באַרופנ צו אָרגאַניזירנ אונדזער קולטור־שפּראַכ. צווישנ דער „קולטור־שפּראַכ“ (ד. ה. דער ליטעראַרישער, שריפטלעכער שפּראַכ) אונ דער גערעדטער (אַגעוו אויכ דער „פאָלקסשפּראַכ“) איז א גרויסער פּרינציפּיִעלער כילעק: די „קולטור־שפּראַכ“ האָט זיכ אירע אייגענע פּרינציפּנ, זי האָט גרעסערע מעגלעכקייַטנ, גרעסערע פּערספּעקטיוונ. די געוויסע „קאָנוועציִאָנעלישקייַט“ פונ דער „קולטור־שפּראַכ“ איז ניט קיינ אומגליק, איז א גליק פאַר דער „קולטור־שפּראַכ“, ווייַל זי, דידאָזיקע „קאָנווענציִאָנעלישקייַט“, עפנט דאָס אופ פאַר איר די ברייטע פּערספּעקטיוונ. מע טאָר דעריבער ניט שטרייַטנ מיט דער „קולטור־שפּראַכ“ אינ נאָמענ פונ דער „פאָלקס־שפּראַכ“! ווידעראַמאָל אינ דעמ ערשטנ אַרייַנפיר־אַרטיקל דערווידערט די רעדאַקציע פונ „דער ייִדישער שפּראַכ“ קעגנ געבּרויכנ דעמ סופיקס „באַר“, ווייַל „דער סופיקס גילט נישט אינ דער פאָלקס־שפּראַכ“; וואָס־זשע זאָל טונ די רוסישע שפּראַכ מיט אַזוינע ווערטער, „революционизировать“ אָדער „большевизм“, וואָס פאַרמאָגנ אויכ ניט קיינ „פאָלקסטימלעכע“ סופיקסנ? הייסט עס אפּאָנעמ, אז די „קולטור־שפּראַכ“ האָט אירע אייגענע סופיקסנ!

אין דעם פּראַט איז אויך זייער כאַראַקטעריסטיש כ׳ ג. שטיפס נעגאַטיווע פּאָזיציע בענעגייע צו דער פאַסיווער זאַצ־קאָנסטרוקציע (אַפּ וויפל ער מאָטי־ווירט זײַן פּאָזיציע דערמיט, וואָס די פּאַסיווע קאָנסטרוקציע איז פרעמד דער יידישער „פאָלקס־שפּראַך״״).

די אַלע טײַנעס זײַנען געווענדעט קעגן דער פּראַקטיק פון דער „יידישער שפּראַך״; טעאָרעטיש וויים די רעדאַקציע גאַנצ גוט, „אַז „די קולטור־שפּראַך קען זיך נישט דעקן... מיט דער פאָלקס־שפּראַך, וואָס איז צו אָרעם אין אויס־דרוק־מיטלען״ א. אַז. וו.

דעריבער איז אייגנטלעך איבעריק יענער טייל פון ש. דאָבינס ענטפער, ווו ער דערווײַזט, אַז „די יידישע שפּראַך״ איז טעאָרעטיש קעגן פּוריזם. ווײַטער אָבער פּרווווט ער אָפּלייקענען גורשטיינס טײַנעס קעגן דער פּראַקטיק פון זשורנאַל. און דאָס געלינגט (אָדער „געראָט״) אים ניט אינגאַנצן. מיט וואָס איז „געראָטן״ בעסער ווי „געלונגען״ — ווײַזט ער נים. ער שטיצט זיך אַפּ רוסישע אויטאָריטעטן (צווישן זיי לענין) וועגן דער פאַרדאָרבנקײַט פון דער רוסישער צײַטונג־שפּראַך — נאָר גורשטיינ האלט דאָך ניט די הײַנטיקע צײַטונג־שפּראַך פאַרן אידעאַל. דאָבינ וויל באַרעכטיקן שטיפס נעגאַטיווע באַציִונג צו דער פאַסיוו־פאָרמע — נאָר ער כאַזערט נאָך איבער שטיפס איינ־זײַטיקע אַרגומענטירונג. גערעכט איז ש. דאָבינ, ווען ער וואַרפט אוּפּ גורשטיינען:

... „ער פאָדערט אויך פּאָרזיכטיקײַט, גוט מעסטן און וויגן, — דאָס מוז מען געוויס אָנעמען, — דאָס אַליין גיט דאָך אָבער ניט קיין „מאָס און וואָג״, דאָס איז ניט קיין מעטאָד, אָנגעווענדעט בא יעדער פאָרשונג״.

דערדאָזיקער מאָטיוו פיגורירט אויך אין דער אָנמערקונג פון דער רעדאַקציע:

„וועגן דער פאַסיווער זאַצ־קאָנסטרוקציע, אַשטייגער, אָדער וועגן דעם סופיקס „באַר״ איז נישט גלאַט געזאָגט, אַז זיי שטימען נישט מיט דער פאָלקס־שפּראַך. ס׳איז אַרויסגעבראַכט א ג ר ו י ס ע ר מ א ט ע ר י ַ א ל, און אַפּגן סמאַך פונעם דאָזיקן מאַטעריִאַל איז געוויזן, וויאַזוי דאָס פאַרדאַרבט די שפּראַך, וויאַזוי דאָס טויט אָפּ דאָס לעבעדיקע, דאָס אַקטיווע אין דער שפּראַך, וויאַזוי ס׳ברענגט צו פאַלשע אויסטײַטשן, מאַכט די שפּראַך אומפאַרשטענדלעך. ס׳איז באַוויזן, וויאַזוי מע קען אויסקומען אָן דעם, און די שפּראַך קען דער־פון געווינען א. אַז. וו.

„ווער ס׳וויל אָפּלייקענען דידאָזיקע שטעלונג דאַרף דאָס טון מיט ד י ז ע ל ב ע מ י ט ל ע נ, דאַרף ווײַזן, אַז די כעסרוינעס זײַנען קיין כעסרוינעס נישט, אָדער אַז די מײַלעס וויגן דאָ איבער, אַז אָן דעם קען מען זיך נישט באַגייִן א. אַז. וו. קורץ, אַרגומענטירן מיט קאָנקרעטע שפּראַך־און סטיל־פאַקטן און מאָטיוון.

„זאָגן סטאַם, אַז די פּאָזיציע איז אָפּגעפרעגט, ווײַל „פאָלקס־שפּראַך״ איז א „פאַנטאַסטישע קאַטעגאָריע״ — דאָס איז שוין צו ווייניק״.

דערפון איז געדרונגען, אַז גורשטיינס טײַנעס, אין עצם ריכטיקע, זײַנען ניט גוט דערלאַנגט: קוידעמקאָל דאַרף מען (און מע קען עס) פון שפּראַכלעכ־סאָציאַלן שטאַנדפּונקט אָפּלייקענען די קאָנקרעטע פּוריסטישע פֿאָרשלאָגן און אופטוען פון „דער ייִדישער שפּראַך", דערנאָך ערשט שטעלן ברייטערע פֿראַ־געס וועגן דער אַלגעמיינער ליניע. ווײַל דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן עקסטרעמען פּוריזם פון „דער ייִדישער שפּראַך" אָדער עקסטרעמער „טאָלעראַנץ" פון גור־שטיינען, נאָר וועגן דער נייטיקער „מאָס און וואָג".

ב א א געלעגנהײַט (אָנמערקונג צו אַן אַרטיקל „צוויי יאָר" „די ייִדישע שפּראַך" „עמעס" 1929, II. 9.) האָט כ׳ ליטוואַקאָוו אַרויסגעזאָגט זײַן באַציִונג צום „ייִדיש־שפּראַכישן" פּוריזם:

„דער גרונט־כיסאָרן באַשטייט דערין, וואָס פּאַר ריכטיק און קאָנאָניזירט רעכענען זיך אַלע פֿאָרמען און שפּראַך־גענג, וואָס זײַנען עלטער פאַרן אויפקום פון דער ייִדישער רעוואָלוציאָנערער און אַרבעטערשער מאַסן־באַוועגונג,— אַלץ, וואָס עס האָט געשאַפן דידאַקטיקע באַוועגונג אין זין פון שפּראַך־אַנטוויק־לונג, ווערט געשטעלט אין זשורנאַל אונטער אַ צייכן פון צווייפל און דיסקוסיע".

—

# לאָז, באַר, שטשינע

דאָס זײַנען דרײַ סופיקסן אין דער ייִדישער וואָרט־בילדונג. זיי שטייען אויס א קאָנקורענץ פון אנדערע סופיקסן (ברעגלאָז — אָנברעגיק, אָנעמבאַר — אָנעמלעך, פעטליוראָווטשינע — פעטליוריאַדע), און ס'ווערט פאַרשפּרייט א מיינונג, אז לאָז, באַר, שטשינע זײַנען דאפקע שלעכט און זייערע קאָנקורירפאָרמעס—דאפקע גוט. כ'וויל דאָ אביסל אויסגלײַכן דעם שטעקן, וואָס מ'האָט איבערגעבויגן.

דער סופיקס־לאָז באַטײַט: אזא וואָס אנטהאלט עפּעס ניט, האָט עפּעס ניט.

גרענעצלאָז — אָן גרענעצן, היימלאָז — אָן א היים, טענדענצלאָז — וואָס אנטהאלט ניט קיין טענדענץ.

בײַשפּילן:

„די באהויפּטן, אז אָרלאנדס גאָרן איז אין געזעלשאפטלעכן זינען דורכויס אידייענלאָז, אָדער בעסער, „אידעאלנלאָז" (פראָליט 7 № 1930, זשוקאָווסקי).

„דער פאכעד פון דעם אָנגעפּרעסענעם אָלרײַטניק פאר דעם באזיצלאָזן ארבעטער" (מפ 30).

„וואלבארעכטיקטע און וואלרעכטלאָזע" (ע 30).

אויסזיכטלאָזיקײַט (ע 28), געוויסנלאָזיקײַט (ע 28), היימלאָזיקײַט (ע 28), ווירטשאפטלאָזיקײַט (אָ 28), טאטלאָזיקײַט (ש 28), פּלאנלאָזיקײַט (ע 28), פּרינציפּלאָזיקײַט (ש 28), רעזולטאטלאָזיקײַט (אָ 28), שפּראכלאָזיקײַט (ש 28).

די סובסטאנטיוון בילדן זיך אלעמאָל מיט לאָזיקײַט, ד. ה. אזוי, ווי דער אדיעקטיוו וואָלט געווען מיטלאָזיק. (מ'וואָלט געקענט בילדן די סובסטאנטיוון פון אדיעקטיוון מיטלאָז: אויסזיכטלאָזקײַט, געוויסנלאָזקײַט א. א. וו.).

די לעצטע צײַט האָט די פאָרמע געטראָפן א קאָנקורענט אין דער נײַער אויסבילדונג — פּרעפיקס אָן־מיטן סופיקס־דיק, ־יק (לויטן מוסטער פון אלטע ווערטער, ווי „אָנמעכטיק, אָנמעכטיקײַט"), אמאָל מיט אנדערע סופיקסן.

בײַשפּ.:

„מע צעשיידט זיך מיט א שווערן געפיט אין די אָנמעזוזעסדיקע, אָנאיקאָנעדיקע דירעס" (אָ 28).

„...איבערצוכאזערן אָפּ אן עפנטלעכער פארזאמלונג זײַן אָנבאָדנדיקע רעכילעס" (ע 28).

„אָנהעזעקדיקײַט" (ע 25).

„אַגיווערדיקײַט איז דער בעסטער פרײַנט פונ רעליגיע" (ש 30).

„אָנמעזומענ־אויסרעכענונגענ" (אָ 30').

„אָנמעזומענדיקע געלט־אָפעראציעס" (ש 30).

„האָט לועכ פארשריבנ אינ בלעטערשנ פלאטער אָננאָמיקע דאטעס" (ש 30 טשערניאוויסקי). דארפ זײַנ „אָננאָמענדיקע", וואָרעמ אינ „נאָמענ" פילט זיכ ניט ענ פאר קיינ סופיקס.

„אינ דעמדאָזיקנ אָנסאָפיקנ וואלד" (יאכינסאָנ).

„אָנפלאניקײַט" (א 29).

„אָנפראָצענטיקע האלוואָע" (צ).

„ארויסגייענדיק פונ דער אײַנגעשטעלטער פארהעלטעניש צווישנ די פאמי־ליעס אונ אָנפאמיליקע" (אָ 28).

„...ס'זאָל ליקווידירט ווערנ צווישנ די איבערוואנדערער די אָנפערדי־קײַט אונ אָנ בעהיימעס" (!) (ע 28).

„דער פראָצענט פונ אָנפערדיקע אונ אָנקיעדיקע" (ש 30).

„אנ ארבעט מיט אָנצאָליקע שטערונגענ" (ע 28).

„מיט אָנצאָליקע כוצפעדיקע אָנדײַטונגענ" (ראזומניס איבערזעצונג פונ פײַכטוואנגערס „געלט אונ מאכט", ריגע 1928).

די נײַע פאָרמע איז מיסטאמ א ווירקונג פונ רוסיש. אליינ פאר זיכ איז זי ניט בעסער פונ דער אלטער. אינ אייניקע ווערטער קענ זי זײַנ ערגער, נעמלעכ— ווענ מ'האָט צו טונ מיט א ווערבאלנ סובסטאנטיוו, ווו מ'קענ האלטנ „אָנ" פאר א ווערבאלנ צוגאָב. צ. ב. אָנשריפטלעכע שפראכנ (ייד. שפר. 1930), וואָס באטײַט „שפראכ אָנ א שריפט", קענ געטײַטשט ווערנ פונקט פארקערט: שפראכנ, וואָס זײַנענ פארפיקסירט אינ אָנשריפטנ.

דעריבער דארפ מענ די פאָרמע מיט ־לאָז (יק) ניט האלטנ פאר ארויס־געשטויסנ.

דער סופיקס ־באר באטײַט, ביכלאל, א פאסיווע מעגלעכקײַט: דערלאָזבאר— וועלכער קענ (אָדער מעג) דערלאָזט ווערנ, וועלכע מ'קענ (אָדער מע מעג) דערלאָזנ, אָנעמבאר — וועלכער קענ אָנגענומענ ווערנ, וועלכנ מ'קענ אָנעמענ.

קעגנ דעמ סופיקס איז ארויסגעטראָטנ (ייד. שפר. 10) [1] נ. שטיפ, אונ האָט, ווי זײַנ שטייגער איז, איבערגעכאפט די מאָס. דער אומגליק איז לויט שטיפנ, וואָס דער סופיקס איז ניטאָ אינ דער פאָלק־שפראכ.

„אינ דער יידישער פאָלקסשפראכ איז „באר" געבליבנ ניט מער ווי א רו־דימענט אינ געציילטע ווערטער, אינ דער פובליציסטיק, צומטייל אינ דער שיינער ליטעראטור. פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט מענ אָנגעהויבנ צו נוצנ: אומיטלבאר, גאנגבאר, דאנקבאר (אומדאנקבאר), ווונדער־באר, פרוכטבאר, (פילבאר?). אָבער אינ יידיש איז דאָס נישט געווענ קיינ זעלבשטענדיקע בילדונגענ מיט „באר"; — מיר האָבנ איבערגענומענ די ווערטער פונ דײַטש גאנצערהייט. ערשט אינעמ וואָרט דערלאָזבאר

1) דאָרטנ אונ אויכ אינ № 11—12 גיט שטיפ עטלעכע צענדליק בײַשפילנ מיט ־באר.

(נישטדערלאָזבאר) דײַטש (zulässig), נאָכגעמאַכט דעם רוסישן допустимо, недопустимо, זעען מיר אַן אייגענע ייִדישע בילדונג פונ „דערלאָזנ“ מיט „באר“. ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז די נײַע וואָרטבילדונגסאַרט (מיט „באר“) דערבײַ געבליבנ, עפּשער נאָך בא א פּאָר ווערטער (אָנעמבאר?). אויסגעברייט זיך האָט דידאָזיקע וואָרטבילדונגסאַרט ערשט גאָר די לעצטע עטלעכע יאָר, דערהויפּט אינ דער סאָוועטישער פּרעסע“.

דוכט־זיך וואָס איז דער אומגליק, אז ייִדיש האָט מיט א דײַטשישנ סופיקס געמאַכט אייגענע אויסבילדונגענ?

שטיפ געפינט ערשטנס א כיסאָרנ (אונ דאָ איז ער גערעכט) — מע באַנוצט דעם סופיקס אינ פאלנ, ווענ ער גיט ניט דעם באַטײַט „פּאַסיווע מעגלעכקײַט“.

אומאָפּנויגבאר, אויך אָנאָפּנויגבאר. „אָנעמענ דעם באשלוס פונעם פּלענום אפּ אויספילנ אימ אומאָפּנויגבאר אונ ענערגיש דורכפירנ אינ לעבנ“ (צ.).

אומטויגבאר, אומטויגבארקײַט. „אינ דעמזעלבנ 1926 יאָר זײַנענ אזעלכע פּרווונ אנערקענט געוואָרנ פאר אומפּראַקטישע אונ אומטויגבארע“ (צ.).

אומצאָלבאר. „די אומצאָלבארע טאָג־טעגלעכע אויסערגעוויינלעכע דערשײַנונגענ האָבנ ברייטער געמאַכט זייער האָריזאָנט“ (בוכ [1]).

אזעלכע ווערטער טויגנ ניט.

עמעס, פאראנ א וואָרט „דאנקבאר“, וואָס באַטײַט ניט „אזא, וועלכנ מע קענ דאנקענ“, „גאנגבאר“ באַטײַט אויך ניט „אזא, וועלכנ מע קענ גיינ“ — אָבער זיי דארפ מענ באטראַכטנ אלס טויטע אויסבילדונגענ, ד. ה. אזעלכע וואָס לאָזנ זיך ניט קאָפּירנ אינ נײַבילדונגענ.

אָבער „באר“ מיטנ באַטײַט פּאסיווע מעגלעכקײַט דערוועקט אויך בא נ. שטיפנ ספּייקעס אונ ווידערשטאנד — אונ דאָ בייגט ער שוינ איבער דעם שמעקנ.

„צי דארפנ מיר אָנקומענ צום „באר“, צי קאָנענ מיר אנדערש ניט אויסקומענ?“ —

פרעגט שטיפּ, אונ ווײַזט, אז די ווערטערביכער (ליפשיץ, הארקאַווי א.א.) באגייענ זיך קימאַט אָנ די באר־אויסבילדונג.

„י. ליפשיצ באשרײַבט: וואָס מע קאָנ ארויסזענ (видимо), וואָס מע קאָנ דערגרייכנ (достижимо), ניט אויסצוהיילנ (неисцелимо) א. אז. וו.“ בענ־יאַקאָב באשרײַבט: וואָס מע קענ אימ ניט בײַקומענ (непобедимый), וואָס מע קענ אימ ניט אויסהיילנ (неизлечимый) א. אז. וו.“

קלאָר, אז דאָ איז שטיפּ ניט גערעכט. פארטײַטשנ неизлечимый — „וואָס מע קענ אימ ניט אויסהיילנ“ הייסט נאָר געבנ צו פארשטיינ דעם ייִדישנ לייענער פונ רוסישנ בוכ, וואָס מײַנט מענ אפּ רוסיש неизлечимый. דאָס הייסט

[1]) נאָכ בײַשפּילנ — אינ שטיפּס ארטיקל.

אָבער ניט — געבן דעם ייִדישן שרײַבער א פאסיקן וואָרט פאר רוסישן неизлечимый, ליפשיצעס פארטײַטש איז דאָ (באם גאנצן ווינסגשאפטלעכן מעהאלעכ צווישן ליפשיצעס ווערטערבוך מיט אנדערע) דערזעלביקער „מין צפור, מין דג" („א פויגל אזא, א פיש אזא"), וואָס עס פלעגן געבן די אמאָליקע העבּ־רעיִשע ווערטערביכער פאר די רוסישע פויגל־נעמען און פישנעמען, פארשטייט זיך אין א קאָנקרעטן קאָנטעקסט, בא קאָנקרעטע סטיליסטישע אומשטאנדן, קען קיינער ניט פארווערן אָנצוקומען צו א בײַזאַץ „וואָס מע קען אים ניט אויסהיילן", אָבער ניט דאָס איז דער אָפּיציעלער אזוי־צו־זאָגן, קאנאָנישער ייִדישער פארטײַטש פארן רוסישן неизлечимый.

איך זעץ פאָר די ציטאטע פון שטיפן:

„דאָס קען מען צומבעסטן ארויסזען פון די פאלן, ווען מע מיט זיך אויס־צומײַדן „אָנגענומענע" בילדונגען מיט „באר", פאראלעל מיט „ניט דערלאָזבאר" קען מען אויך געפינען אָפטמאָל:

„אזא זאך טאָר מען ניט דערלאָזן" (צ).

„אזעלכע ווידערשפרוכן טאָרן ניט דערלאָזט ווערן" (זארעצקי).

כ׳ זארעצקי, וואָס האָט ארײַנגעפירט דעם „רעקאָמאנדירבאר", שרײַבט אויך: „מע קען רעקאָמענדירן אויסצוקלײַבן פון די צוויי סכעמאטיזיר־אויפאנים".

„ניט צו רעקאָמענדירן איז די געוווינשאפט ארײַנצושטעלן די ווענדונג „כאווײדים" צווישן צוויי ענג־פארבונדענע ווערטער".

„אין א צײַטונג קען מען געפינען אָנשטאָט „רעקאָמענדירבארער":

„דער צוזאמענפאָר וועט דאָס אלץ אָפּשאצן און וועט אָפּקלײַבן דאָס בעסטע, וואָס איז ווערט רעקאָמענדירט צו ווערן פארן גאנצן פאר־באנד (צ.)".

דאָס איז א שטעקן מיט צוויי עקן. ווען עמעצער זאָל וועלן ארויסטרעטן קעגן „צעוויקלטע" קאָנסטרוקציעס און זיך אָנעמען פארן סופיקס באר, פארשפאָרט ער אפילע זוכן בײַשפּילן: ער קען אויסנוצן שטיפס בײַ־שפּילן, נאָר צעשטעלן זיי פארקערט. שטיפ זאָגט:

אכוצן „ניט דערלאָזבאר" זאָגט מען אָפטמאָל „מע טאָר ניט דערלאָזן" — א סימען, מע וויל אויסמײַדן דעם סופיקס באר.

קען מען ענטפערן: אכוץ „מע טאָר ניט דערלאָזן" זאָגט מען אָפטמאָל „ניט דערלאָזבאר" — א סימען, מע וויל אויסמײַדן די באריידעוודיקע צעוויקלטע קאָנסטרוקציע.

דער עמעס איז, אז די שפראך גיט דאָ, ווי אין אסאך אנדערע פאלן, א מעגלעכקײַט פאר אויסוואל — און יעדערער קלײַבט אויס, וואָס אים דוכט אין קאָנקרעטן קאָנטעקסט פאסיקער. (אז דער אויסוואל איז ניט שטענדיק בא אלעמען א גוטער, דאָס איז פארשטאנדיק, אָבער צו „באר" האָט עס ניט).

ריכטיק ווײַזט נ. שטיפ, אז אן אדווערב מיט „באר" איז גרינגער צו פארבײַטן אפּ א צעוויקלטן אויסדרוק ווי אן אדיעקטיוו מיט „באר".

„די צעוויקלטע קאָנסטרוקציע, אשטייגער: „קענ מענ (לאָזט זיכ) אָנווענדנ“ איז נישט קיינ סאכ פארשווענדערישער פאר דער פאָרמע מיט „באר“: „איז אָנווענדבאר“; מע דארפ פאר איר נישט האָבנ קיינ ספעציעלנ זאצ, מעמיילע רייצט זי נישט דאָס סטיליסטישע פײַנגעפיל. בעכיינ קענ מענ אינ אלע אזוינע פאלנ שטעלנ דאָס צײַטוואָרט אָנשטאָט דעמ אדווערב, נישט געזינדיקט דערבײַ קעגנ דער נאטירלעכער, געזונטער שטרעבונג צו מאכנ די שפראכ שפּאָרעוודיקער, בויגעוודיקער אינ אויסדרוק. אנדערש איז שוינ אָבער מיט דער צווייטער גרופּע פאלנ: דאָ וואָלטנ מיר שוינ באדארפט אָנקומענ צו אנ איבעריקנ זאצ. אָנשטאָט:

... איז דער ערשטער אומאָפּלייגבארער כויוו (2).

וואָלט אויסגעקומענ צו זאָגנ:

... איז דער ערשטער כויוו, וואָס לאָזט זיכ נישט (מע טאָר אימ נישט) אָפּלייגנ.

אויב מע קענ ניט צי מע וויל ניט אָנקומענ צו א בײַזאצ, זײַנענ פאראנ אנדערע מיטלענ, ווי אזוי אויסצומײַדנ דעמ באר: סופיקס ־לעכ.

אומבאשרײַבלעכ, אומגלויבלעכ, דערטרעגלעכ א. אז. וו. הייסט: (אזוינס) וואָס מע קענ (ס'איז) נישט (צו) באשרײַבנ, וואָס מע קענ נישט גלויבנ, וואָס מע קענ דאָס דערטראָגנ (אויסהאלטנ) א. אז. וו. פאקטיש קאָנקורירט שוינ בא אונדז דער „לעכ“ מיטנ „באר“ אינ דעמ „באר“ס ספערע. מע קענ ווײַזנ אָנשטאָט: אומבאזיגבאר, אומדערלאָזבאר, אומדערקלערבאר, פארגיבבאר:

אומבאזיגלעכ. „אָט דער אויסגעדײַווערטער מאָגערער „שנײַדערל“ פארמאָגט אנ אומבאזיגלעכנ קויעכ“ (צ.).

אומדערקלערלעכ. „אויב די שיסערײַ איז אינ 1־טנ פאל געווענ אומדערוואַרט אונ אומדערקלערלעכ, ווערט אינ 2־טנ פאל גענוי אָנגעוויזנ די סיבע“ (צ.).

אָנווענדלעכ, אָנווענדלעכקײַט. „זײַנע אויספירנ זײַנענ אינ א היפּשער מאָס אָנווענדלעכ אויכ צו ייִדיש“ (א. זארעצקי).

דערלאָזלעכ, ־קײַט, אומדערלאָזלעכ. „אזוינע מיטלענ זײַנענ אומדערלאָזלעכ אפּ צו בארויִקנ די ארעסטירטע“ (צ.).

פארגעבלעכ. „אונדזער באלעבאטישע אינטעליגענצ באציט זיכ צו דעמ טאָג־טעגלעכנ קאמפּ פונ די ברייטע מאסנ מיט אנ אומפארגעבלעכער גלײַכגילטיקײַט“ (צ).

מע קענ ווײַזנ „אומויסדריקלעכ“, אָנשטאָט „נישט אויסדריקבאר“) „אומבאשרײַטלעכ“ (אָנשטאָט „אומבאשטרײַטבאר“), „אומפארגלײַכלעכ“ (אָנשטאָט „אומגלײַכבאר“).

סופיקסנ ־יק, ־נדיק.

אומצייליקע (אויכ: אומצאָליקע). „נעכטנ האָט דער וואלקאמפּ אינ

גאנץ דײַטשלאַנד דערגרייכט דעם קולמינאַציאָנס־פּונקט. עס איז פֿאָרגעקומען אַן אומציילִיקע צאָל פֿאַרזאַמלונגען" (צ.).

נישט צוגלײַכנדיק (אָנשטאָט „אומגלײַכבאַר").

אומזיכטיק (אָנשטאָט „אומזיכטבאַר").

„בלײַבן געציילטע עטלעכע ווערטער, ווו דער נאָכטראָפּ „לעך" איז נישט מעגלעך, א) דערפֿאַר, וואָס מיט „לעך" האָט שוין דאָס געהעריקע וואָרט אַן אַנדער באַטײַט: אויספּירלעך (אָנשטאָט „אויספּירבאַר"), אויסדריקלעך (אָנשטאָט „אויסדריקבאַר"; ב אָדער ווו די טעמע פֿונעם וואָרט האָט „ל", „לעך" צום סאָף: „אומהיילבאַר"), „אומערפֿילבאַר", „פֿאַרווירקלעכבאַר" ג) אָדער ווו ס'קלינגט שלעכט: „לייענבאַר", אָפּלייקנבאַר"

דערפֿון וואָלטן מיר דערוואַרט אַן אויספֿיר:

אין אַזעלכע פֿאַלן דאַרף מען ניצן דעם סופֿיקס באַר.

מאַכט אָבער שטיף אַן אַנדער אויספֿיר:

„איז שוין עפּשער גלײַכער זיך אָן אײַנצוּ צו טון מיט דידאַקטיקע ווערטער קאָנקרעט, פֿון פֿאַל צו פֿאַל, אין ערגסטן פֿאַל ניצן אַ בײַזאַץ, איידער אַרײַנברענגען אַ פֿרעמדן נאָכטראָפּ פֿאַר וואָרטבילדונג".

דערמיט ווײַזט ער, אַז אין גרונט פֿון זײַן שטרײַט קעגן „באַר" ליגט פּוריזם (איבעריקס האָט ער דערפֿון טאַקע אָנגעהויבן דעם אַרטיקל.—„באַר" איז אַ פֿרעמדער סופֿיקס).

אַגעוו נאָך עטלעכע בײַשפּילן מיט „באַר", וואָס זײַנען אין נ. שטיפֿס צעטל נישטאָ:

„דער פּעדפּאַק האָט אין דער ריכטונג ביכלאַל גאָרניט אונטערגענומען [דאַרף זײַן: פּירגענומען, פֿאָרגענומען]. דאָס איז אומדערלאָזבאַר און ניט צו פֿאַרענטפֿערן זיך" (אָ 30).

מע קען זאָגן אויך אומדערלאָזלעך, אָבער „דאָס איז ניט צו דערלאָזן" וואָלט דאָ ניט געטויגט. מע קען ניט זאָגן: „ניט פֿאַרענטפֿערלעך", וואָרעם דאָ וועט פֿאַרפֿאַלן ווערן דער „זיך". אין דעם פֿאַל מוז מען אָנקומען צו דער צעוויקלטער קאָנסטרוקציע מיט „צו".

„אומזעבאַרער פֿײַער האָט זיך גענומען צינדן" (ע. קאָרמאַן).

אַ שווערער וואָרט (עפּשער ווײַל אַ קליין וואָרצל — צוויי קלאַנגען — איז אַרומגערינגלט מיט אַ היפּשן „אַקסעסואַר" אַפֿיקסן?), אָבער פֿאַרבײַטן אַפֿ אַ „וואָס מע זעט אים נישט" קען מען נישט (ד. ה. מע קען ניט צווינגען דעם אַוועטער אָנקומען צו אַזאַ פּעריפֿראַז), „אַ פֿײַער נישט צו זען" — אַוואַדע ניט און „אומזעלעכער" — געוויס ניט.

„דער מאָלער האָט אויך גאָרניט וואָס צו טון מיט אַזאַ מיִעסן שטאָף, מאַכמעס דער שטאָף פֿאַר דער קונסט איז אומפֿאַריכטבאַר קאַליע, ווי ס'איז צו זען פֿון די אָפֿענע ידערקלערונגען" (מפ. 30).

מע קען אויך: אומפֿאַריכטלעך. קיין אינפֿיניטיוו־קאָנסטרוקציע טויג אין דעם פֿאַל ניט.

„פונ איינ אומצעדרײַסלעכער קייט" (ע 30); בא שטיפנ איז ציטירט א בײַשפיל מיט „אומצערײַסבאר".

„צוזאמענגעשטעלט פונ גרויסע טיילנ אונ קימאט ניט צו באמערקנ קליינע שרײַפעלעכ" (שר).

בעסער: קוים באמערקלעכע (אָדער: קוים באמערקבארע).

א פאָר קוריאָזנ.

„די אופגאבע פונ א גרויסנ באנק דארפ זײַנ... צו דינענ אירע דעפּאָזיטאָרס אונ יעדנ איינעמ מיט וועמענ זי קומט אינ געשעפטלעכע באציִונגענ אפ אלע מעגלעכע הילפסבארע וועגנ אונ מיט אלע מיטלענ" (מפ. 30, אנאָנס).

געמיינט אפ אלע מעגלעכע וועגנ, מיט וועלכע מע קענ העלפנ. קענ מענ עס אויסדריקנ: אפ אלע מעגלעכע הילפוועגנ.

נאָכ פונ א אנאָנס:

„א ניט פארפירבארער מיטל צומ וואשנ וועש, ווערט פארקויפט..." (ווילנער טאָג 30)

דער אנאָנסגעבער מיינט: „א ניט פארפירערישער", נאָר דער סופיקס „-באר" קענ ווערנ פארפירעריש, ווענ די שרײַבער זײַנענ „פארפירבאָר".

דער סופיקס ־שטשינע דינט צו שאפנ „סובסטאנטיווּנ אפ א שאָ", סובסטאנטיווּנ, וואָס האלטנ זיכ ניט לאנג אינ דער שפראכ, נאָר אינ איינ היסטאָרישנ מאָמענט זײַנענ זיי נייטיק, ווײַל מע דארפ באצייכענענ א כאראקטעריסטישע דערשײַנונג פונ דעמ מאָמענט, דאָס ראָוו — א געזעלשאפטלעכע באוועגונג, וואָס מע באציט זיכ צו איר נעגאטיוו. אינ גרעסטנ טייל ווערנ די סובסטאנטיווּנ געבילדעט פונ פערזאָנ־נעמענ (נעמענ פונ פאקטישע מענטשנ אָדער פונ ליטעראַרישע פערסאָנאזשנ). אלס קאָנקורענטנ צו „שטשינע" טרעטנ ארויס ־יִאדע, ־ערײַ א. א.

בײַשפילנ:

„אינטעליגענשטשינע" (צ).

„וועגנ דער „אקסעלראָדערײַ" (ע 25).

אונ אינעמ זעלביקנ ארטיקל: „אייניקע ווערטער וועגנ „אקסעלראָדיִאדע".

„ראָמאנטישע אָבלאָמאָוויִאדע" (ע 22).

„גאָטזוכערײַ ווי די העכסטע סאנקציע פונ אָבלאָמאָווערײַ רופט בא אימ (בא גאָרקינ) ארויס אופרייצונג" (מ. ליטוואקאָוו, ע 28).

„... די בראגינִיאדע אונ איינצלנע קאָמוניסטנ האָבנ גערעכנט, אז די איינציקע אופגאבע איז... אײַנצוהיטנ די יִדישע נאציע" (ע 28).

„אינ „שטערנ" האָט מענ שוינ נית איינמאָל געשריבנ וועגנ געליכאָוויטשנ אונ זײַנ קנופיע, וואָס האָבנ א שטיק צײַט טעראָריזירט די אָרעמשאפט פונ קאָנעצפאָל (פערוואָמײַסקער קרײַז), אָבער אדאיעמ האָט מענ ניט אויסגעוואָרצלט די געליכאָווטשטשינע פונ שטעטל" (ש 30).

„עס זײַנענ נאָכ דאָ געוויסע סימאָנימ פונ אידעאָלאָגישער אונ קינסטלערישער אזוי־צו־זאָגנ גראנאָווטשטשינע" (אָ 30).

„דעניקינִיאדע" (צ).

„נאָך דער ליקווידאַציע פֿון דער וועלי־איבראַימאָוויאַדע האָט זיך קיין קרים א לאָז געטון א ברייטער שטראָם איבערוואַנדערער פֿון דער ייִדי־שער אָרעמשאַפֿט“ (ע 30).

„מאַכנאָוויאַדע“ (צ).

„מענאַכעם־מענדלשטשינע“ (שר).

„דער קאַמף קעגן... ייִדישלעכער „בעאָ־יעסעניאַדע [1]) אין אונדזער ליטעראַטור דאַרף ווערן די זאַך פֿון דער ברייטער געזעלשאַפֿטלעכקייט“ („שטערן“ נ. 10, 1929).

„דער ציאָניסטישער פֿליגל פֿון דער אוקראַיִנישער פּעטליוריאַדע האַלט זיך פֿעסט בא זײַן אופֿגעוואַכטן אַקטיוויזם“ (ע 28).

„דאָס איז שוין געווען אין דעם מאָמענט, ווען אין אוקראַיִנע האָט שוין די ראַטנמאַכט געפֿירט איר קאַמף קעגן דער פּעטליוריאַדע“ (ע. 28).

„דידאָזיקע טעאָריע, וואָס שמעקט מיט מעכאַנישן פּערעווערזיאַנער־טום“ (אָ 30). (פֿון מ. עריקס א פֿאָרטראַג וועגן אשן [2]).

„שפּורן און פֿאָלגן פֿון דער פּרישטשעפּאָווטשינע“ (אָ. 30).

„אונטערגעפֿירט א טעאָרעטישע באַזע אונטער דער פּרישטשעפּאָווי־אַדע“ (ע. 30).

„אָט די אַלע אויסטערלישע באַהעפּטונגען פֿון קאַראַטאַיעווערײַ און קאַראַמאַזאָווערײַ האָבן שוין אופֿגעהערט צו באַצויבערן גאָרקין“ (ע. 28, ליטוואַקאָוו).

„קאַראַמאַזאָוויאַדע“ (ע 22).

„מוסאַוואַט — א מין מוסולמענישע קערענסקיאַדע, וואָס האָט רע־גירט אין אַזערבײַדזשאַן ביזן 1920 יאָר“ (ע 28).

„אויסוואָרצלען די כאַלטוריאַדע“ (ש 30).

פֿאַרגלײַכנדיק ־יאַדע און ־שטשינע, זעען מיר:

יאַדע איז דעם ווייניק געבילדעטן לייענער פֿרעמד, דעם געבילדעטן איז ער באַקאַנט, אָבער אָן א נעגאַטיוון באַטײַט (האָמערס איליאַדע) א.ד.גל. יאַדע איז א צוטראַכט פֿון די „אַנטירוסיסטן“, וואָס ציטערן פֿאַר א רוסישן וואָרט און פֿאַר א רוסישן סופֿיקס. אַף וויפֿל דער גרעסטער טייל פֿון דידאָ־זיקע סובסטאַנטיוון קומט פֿון רוסיש, זײַנען זיי נאַטירלעכער מיטן רוסישן סופֿיקס: „אָבאָלאָמאָװשטשינע“, „מאַכנאָװשטשינע“, זײַנען נאַטירלעכער ווי „אָבלאָמיוויאַדע, מאַכנאָוויאַדע“ [3]), וואָס מע דאַרף שוין ספּעציעל צוטראַכטן און ספּעציעל אויסלערנען. „אינטעליגענשטשינע“ קען מען גאָר אַנדערש ניט

---

[1]) מיט האַפּלאָלאָגיע (טראַפּ־פֿאַרפּעלונג), אָנשט. „יעסעניניאַדע“.

[2]) מ. עריקן קער דער רוסישער סופֿיקס קלינגען פֿרעמד (עפּשער — „ניט ייִדישלעך“), אָבער זײַן שפּראַך־געפֿיל לאָזט אים ניט צו די באַרבאַרישע פֿאָרמעס „פּערעווערזעוויאַדע“, אָדער „פּערעוורזעווערײַ“. האָט ער געפֿונען א נײַע פֿאָרמע (אויך ניט קיין פֿאַסיקע).

[3]) אגעוו, דער וו אין „מאַכנאָוויאַדע“ — איז ניט א רעשטל פֿון רוסישן „מאַכנאָװשטשינע“ וואָס מע וויל אַזוי אויסמײַדן?

אויסדריקן (סײַדן אינטעליגענטלערײַ — אָבער דאָס וועט זײַן צו דינאמיש ס'איז גיכער „אינטעליגענטישע אופירונג", איידער „אינטעליגענטישע שטימונגען"). אפילו „מענאכעם־מענדלשטשינע", פון א יידישן אייגנאָמען, קען מען אויך אנדערש ניט אויסדריקן, און אז מע וויל דעם „טרייפן" רוסישן סופיקס אויסמײַדן, קומט מען אָן צו א לעבלעכן, נייטראלן סופיקס: מענאכעם־מענדעליזם.

„... מיכאָעלס ווײַזט אונדז דעם טיפן טראגיזם פון יידישן מענאכעם־מענדעליזם" (אָ 28).

„ער [מיכאָעלס] גיט ניט נאָר די קאָמישע זײַטן פון מענאכעם־מענדעליזם" (ש 28).

נאָך מײַן מיינונג איז ־שטשינע בעסערע בעסער ווי ־יאדע.

־ערײַ האָט ניט די כעסרוינעס פון ־יאדע, אָבער ־ערײַ באטײַט געוויינלעך א טוונג און אסאָציירט זיך בא אונדז מיט א ווערב. ניט נאָר „לערערײַ, פײַפערײַ" זײַנען פארבונדן מיט „לערנען, פײַפן", נאָר אויך „כוליגאנערײַ" אסאָציירט זיך מיט עפּעס א ווערב („כוליגאנעווען"). מע קען זאָגן: ער פארנעמט זיך מיט כוליגאנערײַ. „אקסעלראָדערײַ, אָבלאָמאָווערײַ, קאראטאיעווערײַ, קאראמאָווזערײַ" דערלאָזן ניט אזא פארבינדונג — „ער פארנעמט זיך מיט..." ס'זײַנען ניט אזוי טוונגען, ווי געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגען אָדער כאראקטער־שטריכן. ווײַטער זײַנען די ווערטער מיט ־ערײַ אָפט פאָנעטיש שווער (א לאנגער וואָרט מיטן אקצענט אפן סאָף). דעריבער איז דאָס ראָוו ־שטשינע בעסער ווי ־ערײַ.]

נאָך א מאָטיוו פאר „־שטשינע" איז דאָס, וואָס דער סופיקס קען גיכער באנוצט ווערן אלס זעלבשטענדיקער וואָרט איידער ־יאדע, ־ערײַ. מיר ווייסן, אז ־יזם, ־יסט באנוצט מען שוין אלס ווערטער (איראָניש) צ. ב.

„עס מאכט ניט אויס, מיט וועלכן „איזם" מיר באצייכענען אים" (מ. פ. 30).

אין רוסיש האָב איך שוין געטראָפן щина אלס וואָרט:

... Всякий властолюбивый руководитель может сделаться центром любой „...щины".
(Правда 25. V. 1928)

מע קען פּאָרויסזען, אז „שטשינע" וועט אין יידיש אויך ווערן א זעלבשטענדיקער (איראָנישער) וואָרט — און דאָס וועט זײַן א באַרײַכערונג פון דער שפּראַך.

---

# אונטערן צייכן פון שאבלאָן [1])

(שארזש)

אין דער צײַטונג־שפּראַך ווײַזט זיך אַרויס קלאָר און בולעט (אָדער: קלאָר און דײַטלעך) אַ טענדענץ צו שאַבלאָנען. דער וווקס פון קלישעען גייט מיט גיגאַנטישע טריט [2]) און האָט געמאַכט אַ גרויסן שריט פאָרויס; מע קען זאָגן, אַז 60 פּראָצענט פון דער פּרעסע־שפּראַך איז שאַבלאָניזירט אויף אַלע 100 פּראָצענט [3]). די קאַנצעליאַריע־שפּראַך פון דער רוסישער פּרעסע האָט גרויס דערפאָלג בײַ די ייִדישע צײַטונג־אַרבעטער און ווערט פון זיי (אָדער: דורך זיי) דורכגעפירט און פאַרווירקלעכט אין לעבן. אָבער אויף אַזויפיל אויף וויפל אין יעסאָד ווערט געלייגט די שטענדיקע איבערכאַזערונג פון דיזעלביקע אויסדרוקן, ווערט צום גרויסן באַדויערן מער אָדער ווייניקער אָפּגעשוואַכט זייער ווירקונג אויף די ברייטע מאַסן. דער שרײַבער מיינט, אַז ער נעמט אַ קורס אויף דער ליניע פון פאַרשטאַרקן אָדער פאַרשענערן זײַן סטיל — און אין דער ווירקלעכקײַט האָט זײַן סטיל ניט אונטער זיך קיין פעסטן באָדן פון פרישקײַט און איבערצײַגעוודיקײַט.

וועגן וואָס ריידן דידאָזיקע פאַקטן? וועגן דעם, אַז ס'איז שוין צײַט דאָס אַלץ נעמען אין אַכט (אָדער: אין באַטראַכט), אונטערפירן אַ סאַכאַקל, אַרויס־טראָגן אַן אַנטשפּרעכיקן באַשלוס און אַרויסוואַרפן אַן אַנטשפּרעכיקן לאָזונג.

מע האָט שוין אַסאַך וועגן דעם געשריבן, מע איז שוין וועגן דעם אַרויסגעטראָטן, מע האָט זיך אָפּגעשטעלט, זיך אַרויסגעזאָגט, געהאַלטן און געמיינט [4]), אָבער די פראַגע שטייט נאָך אַלץ אונטער אַ פראַגע־צייכן [5]).

---

1) אונטערן צייכן פון סאָצגעוועט (ש. 30); אונטערן צייכן פון מאַסן־אַקטיווקײַט (אָ 30); אונטערן צייכן פון אופבוי (ר. ‖. 2—1 № 1930), און צענדליקער אַנדערע.

2) גייט מיט גיגאַנטישע טריט דער וווקס פון דער באַפעלקערונג אין סטאַלינגראַד (אָ. 30).

3) ביז דער מילכאָמע איז 80 פּראָצענט פון די אויסגעוואַנדערטע סײַ פון רוסלאַנד, סײַ פון פוילן באַשטאַנען קימאַט אויף אַלע 100 פּראָצענט פון אַרבעטנדיקע (ש. 26).

4) אָט איז אַן אויסצוג פון אַ באַריכט וועגן אַ פאַרזאַמלונג (אָ. 30): דעם 19־טן סענטיאַ־בער איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“, געווידמעט די פראַגן פון דער אַרבעט פון פאָרשטייענדיקן אַרבעט־יאָר. מיט אַ פאָרטראַג וועגן די אויפגאַבן, וועלכע שטייען פאַר דער ייִדסעקציע „בעלאַפּפּ“ אין דעם לויפנדיקן יאָר איז אַרויסגעטראָטן דער כ. דונעץ. ער שטעלט זיך אָפּ אויף...; כ. דונעץ שטעלט זיך נאָך אָפּ אויף...; כ. ליפשיץ זאָגט זיך אַרויס, אַז...; ער ווײַזט אויך אָן, אַז...; כ. ליבערמאַן האַלט, אַז...; ער האַלט פאַר נייטיק, אַז...; כ. גאָלדבערג שטעלט זיך אָפּ אויף...; כ. טאַלאַלײַ שטעלט זיך אָפּ אויף... כ. ע. קאַהאַן מיינט, אַז...; כ. באָראָווסקי שטעלט זיך אָפּ אויף...; כ. ראָסין שטעלט זיך אָפּ אויף... אין דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַרבעט האַלט ער, אַז...; כ. בראָנשטיין שטעלט זיך אָפּ אויף...

5) ווי ס'ווײַזט אויס, האָט דידאָזיקע באַשטימונג ניט באַפרידיקט דעם שטאָטישן בילד־אָפּטייל און די פראַגע איז בײַ אים נאָך ביז סענטיאַבער אַלץ געשטאַנען אונטער אַ פראַגע־צייכן (ע. 30).

# רעגיסטער [1]



[1] די ציפרנ באטײַטנ די זײַטלעכ.

[2] פאריכטנ א דרוקפעלער. ס׳דארפ זײַנ: אַט־דער אלפערענקישער יעשיוועבאָכערישער בלע״ז איז אויכ ווערט געלט!

---

# אינהאלט: